אב. וויקטאָר

# איך זע לאַנד

## לידער און פאָעמעס

(1942-1921)



פאַרלאַג אב. וויקטאָר בוך-קאָמיטעט ביים איקאָר

# דאַנק - אויסדרוק

איך ווייס, אַז קיינער פון איך, חברים און פריינט, פאַרלאַנגט ניט קיין דאַנק און קוקט ניט אויס אויף דעם; ס'איז אָבער פאַר מיר אַ גרויסער פאַרגעניגן צו ברענגען צו אייך מיינע וואַרימע געפילן און אויפריכטיקע אָפּשאַצונג פון אייער חברשער באַציאונג צו מיר און מיטאַרבעטערשאַפט מיט מיר.

איך האַלט ניט פון מגזם זיין, איך האַלט אָבער, אַז מעשים, וועלכע פאַרדינען דערמאָנט צו ווערן, טאָרן ניט פאַרשוויגן ווערן. אויב דאָס איז ריכטיק אין יעדער צייט, איז דאָס אוודאי ריכטיק אין איצטיקער צייט פון נאַציישן שוידער און שאַנד, וואָס באַדראָט צו אָפּווישן פון פּנים פון דער ערד אונדזער פאָלק און אונדזער קולטור.

איך שאַץ הויך אייער ארבעט, חברים און קאָלעגן: י. ב. ביילין, משה כץ און י. אַ. ראַנטש; אייערע זאַכלעכע אָנווייזונגען, באַראַטונגען און מיטהילף אין צוזאַמענשטעל פון דער זאַמלונג לידער, וואָס גייט אריין אין דעם בוך „איך זע לאַנד", דאַרף באַצייכנט זיין ווי אַ חשובער בייטראג צום בוך, און איך האָב דעם כבוד דאָ דאָס אויסצודריקן מיט אָכטונג און אנערקענונג.

דעם בוך־קאָמיטעט ביים איקאָר אין גאַנצן באַשטאַנד קומט פאַרדינטע אנערקענונג פאַרן ארויסגעבן דעם בוך אין אַזאַ שווערער צייט, און באַזונ־דערס פאַרדינט דאָס דער סעקרעטאר פון קאָמיטעט, דער איבערגעגעבענער פריינט און חבר, יוסף וויינשטיין, וועלכער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער אידייע און דער אומדערמידלעכער דורכפירער פון דער ארבעט ביזן סוף.

נעמט צו מיין דאַנק, פריינט, חברים און קאָלעגן, און לאָמיר אלע אינאיינעם טאַטזאַכלעך באַווייזן, אַז די מוזעס שווייגן נ י ט, ווען קאַנאָנען ריידן!

**אב. וויקטאָר**

# אַ פאָרוואָרט פון י. ב. ביילין

דער ציל פון די שורות איז ניט פאָרצושטעלן דעם אויטאָר פאַרן ברייטערן עולם. א. ב. וויקטאָר שאַפט שוין אין אַמעריקע אַריבער 35 יאָר. עס זיינען שוין דערשינען פון אים אין בוכפאָרם דריי ביכער. די ערשטע זאַמלונג זיינע, „גאַרבן״, איז שוין דערשינען מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק. אין די קרייזן, וואו דאָס איצטיקע בוך וועט געפינען זיין וועג, נויטיקט זיך דער דיכטער געוויס ניט אין קיין שום פאָרשטעלונג. דער ציל פון די שורות איז בלויז צו דערקלערן פאַרוואָס דער „איקאָר״, וואָס גיט זיך אָפּ בלויז מיט זיין ספּעציעלן געביט, האָט אויסגעטיילט פון ארום זיך אַ בוך־קאָמיטעט אַרויסצוגעבן און צו פאַרשפּרייטן דאָס בוך „איך זע לאַנד״, וואָס מיר האָבן דאָ פאַר זיך.

דער איקאָר האָט אַ ספּעציעלן אינטערעס אין דעם דיכטער, ערשטנס, צוליב דעם, וואָס ער איז אַן איקאָר־טוער; איינער פון די טעטיקסטע און איבערגעבנדיקסטע מיטאַרבעטער אויפן געביט פון אידישער פּראָדוקטיוויזאַציע און קאָלאָניזאַציע אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, אויפן געביט פון פאַרשפּרייטן דעם אמת וועגן דעם לאַנד פון פעלקער־באַפרייאונג און סאָציאַליזם. אב. וויקטאָר האָט ניט איינמאָל באַרייזט פאַרשיידענע געגנטן פון אונדזער גרויס לאַנד אין די אינטערעסן פון אָט דער טעטיקייט, און אַלס דיכטער איז זיין וואָרט געוועזן וואָגיק און קאָנצענטרירט, און באַפליגלט מיט פּאָעטישן שוואונג.

צווייטנס, הילכט אָפּ פון יעדער שורה פון וויקטאָרס ליד אַן עכאָ פון דעם העלסטן אידישן אָפּטימיסטישן טאָן. צווישן דעם איכה־טאָן און דעם „נחמו, נחמו עמי״ — האָט אב. וויקטאָר אויף אַ געזונטן און נאַטירלעכן אופן זיך אויסגעקליבן דעם ליכטיקערן ווינקל פונם האָריזאָנט. אין דעם סאַמע געווירבל פונם אומענדלעכן שטורעם אויף דעם ברייטן ים, אין די מאָמענטן ווען די כוואַליעס פון צרות און ענויים שליידערן אונדזער שיף אויף אַלע זייטן — זעט וויקטאָר לאַנד פונדעסטוועגן.

פאַרוואָס דער בוך־קאָמיטעט ביים איקאָר האָט מיר איבערגעגעבן דעם כבוד אָנצושרייבן דעם דאָזיקן קורצן פאָרוואָרט ווייס איך ניט. איך בין זיך משער, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס פון אַלע מיטגלידער פונם קאָמיטעט בין איך אַמנאָענטסטן צום דיכטער צוליב אונדזער לאַנגיעריקער פריינדשאַפט — אַריבער דריי צענדליק יאָר — און איך האָב דעריבער געהאַט אַ בעסערע געלעגנהייט נאָכצופאָלגן די כסדרדיקע אַנטוויקלונג פון דעם דיכטער. סיי אין קינסטלערישער קוואַליטעט און סיי אין אידעאָלאָגישער אויסלייטערונג, האָט אב. וויקטאָר, דוכט זיך, קיינמאָל ניט געמאַכט קיין שריט צוריק... און ניט קוקנדיק אויף זיין היפּשער עלטער פון איבער זיבעציק,

האַלט ער נאָך אַלץ אין איין  ש ט י י ג ן,  אין איין פאַרפולקאָמענען זיך, אין איין שטעלן צו זיך העכערע פאָדערונגען. דאָס איז די אורזאַך פאַרוואָס דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט ניט איינמאָל אָפּשטעלן זיך מיט איבער־ראַשונג אויף געוויסע לידער אין דער איצטיקער זאַמלונג, וואָס פינקלען מיט אמת־פּרעכטיקע פּאָעטישע אימאַזשן.

אַ ספּעציעלע אורזאַך פאַרן איקאָר בוך־קאָמיטעט צו פאַרנעמען זיך מיט אַרויסגעבן אַ זאַמלונג לידער איז אויך דער בירא־בידזשאַן אָפּטייל אין דעם בוך. כאָטש מערסטע לידער זיינען וועגן אונדזער גרויס און מעכטיק לאַנד אַמעריקע, וועגן אירע שטעט און פעלקער, לאַנדשאַפטן און פּאַנאָראַמעס, האָט אויך חבר וויקטאָר קרעפטיקע אָפּטיילונגען פון „קאַמפן". לידער, וואָס רירן און דערהויבן.

ניו יאָרק, דעם 2טן סעפּטעמבער, 1942

# 1. צייטן



## אַ טראַט

## אַריבער זיבעציק...

(צו אייך, חברים און פריינט,
אַנשטאָט אַ דאַנק)

שוין טראָט אַריבער זיבעציקסטן שטאַפּל
פון לייטער, וואָס מיר רופן לעבנס־שפּאַן; —
צי פאַלט ניט איין דאָס האַרץ פאַרצאַפּלט
פון דעם, אַז אָט געווען, און באַלד שוין ניט פאַראַן?...
צי הייבט זיך שוין ניט אָן דאָס ליכט צו לעשן
דורך קאַלטן בלאָז פון טויטלעכן אַגרעסאָר?...

מיר רעכענען די צייט און ציילן יאָרן אין די הונדערט;
ווער ווייסט, אין וואָסער הונדערט האַלטן מיר דאָ היינט?
אַ וועלט גייט אָפּ מיט בלוט, אַ מענטשהייט ליגט צעשונדן,
אַ פינצטערניש אַזאַ, ווי זון וואָלט קיינמאָל ניט געשיינט...
אין אַזאַ צייט אַ טרייסט איז צו פאַרנעמען
אַ הייסן וואונטש, וואָס מוטיקט, צינדט און פלעמלט.

איז אָט צו זיבעציק דערלויבט מיר אייך צו זינגען
פון שעפּערישער מי, וואָס ווייסט ניט פון באַצווינגען;
פון לויטערקייט און שיין, מעג הימל זיין פאַרקאָוועט;
פון שאַפנדן פאַרמעסט, פון ברודערשאַפט געכאָוועט,
פון שטרענגער אייניקייט אין שטרייט אויף כוחות ווילדע,
פון וועג צו מענטשלעך גליק און בויערדיקן ווילן.

וואָס זיינען יאָרן, אויב נאָר אַליין דאָס ציילן? —
אַ שניט אין לופט, אין רוים אַ ניט־באַמערקטער קאַרב.
גיי אויף! יויר אויף! פון זיך אַראָפּצושיילן
די גלייכגילט־הויט, ווען וויטיק איז אויך האַרב.
און ציגל טראָג צום בנין צו, און הער ניט אויף צו טראָגן,
ביז רואיק וועסט דעם „זיי־געזונט" דעם לעצטן זאָגן.

# איך זע לאַנד...

אויף מדבר פון ים אונדזער שיף אין אַ שטורעם;
פון אָפּגרונט דער שלונג איז ברייט אָפן.
אויף כוואַליעס עם יאָגט זיך דער טויט אָנגעשטורעמט,
און ס'לויערט אויף אונדז קאַטאַסטראָפע.
נאָר בראַוו די מאַטראָזן און פעסט זייער שטאַנד:
די שיף מירן ברענגען צו זיכערן לאַנד!

און פון קאַפּיטאַן ביזן הייצער פון קעסל
דער שטאַליקער ווילן טוט שטראָמען,
און שאַרפט אוים דעם גלויבן אין זיגרייכן מעסער,
און הענגט אויף אַ שלאָס אויף די תהומען.
דער חושך צעשפּאַלט זיך, און ס'לויכט אויפן ראַנד,
און פריידיק דער שאַל קומט: איך זע שוין דאָרט לאַנד!...

(1942)

# מיר דאָ — פון היינט — פון דאַנען

מיר דאָ — פון היינט — פון דאַנען —
און אומעטום, וואו ס'איז שוין אָפן איצט פאַרשטאַנען,
אַז אַט די נאַצי־פּעסטע ניט אויסמיידן וועט קיינעם
כל־זמן מיר טרעטן ניט אַרויס אַנטקעגן איר אינאיינעם,
מיט לייב און לעבן דער געפאַר דעם וועג פאַרצוימען.
די דורות קומענדיקע וועלן שטוינען
פון אונזער אָפּקומען מיט שיינע, הויכע ווערטער,
נאָר ניט אַ ריר געטאָן זיך פון די ערטער...

אַ דינגעניש גייט אָן, פון רויך אַ פאַרהאַנג דיק פאַרצויגן,
און די קאַזאַלעס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן,
פון אַט דעם נאַצי־אשמדאי'ס אַגענטן, —
זיי שטופּן אונזער גורל אין די הענט אים!

די ימ'ען בלוט, וואָס ווערט ביים מזרח־פראָנט פאַרגאָסן;
דאָס מעכטיק־גרויסע ברודער־לאַנד, וואו ניט געלאָשן
ז'דער הייסער גלויבן אין דעם מענטש און אין זיין זיג, —
ס'איז אונזער זאַך די שלאַכט! ס'איז אונזער קריג!
צי וואַרטן מיר ס'זאָל אַריבער נאָר דער שטורעם,
דאַן וועלן מיר פון אונזער אומבאַרירטן טורעם
צום „שלום־טיש" אַ לאָז טאָן זיך מיט ציין און גומען,
כדי דעם פּעטסטן חלק אויף אַ טאַץ פון גאָלד באַקומען?...

און מיר, דאָס אידיש פאָלק, — פון היינט, פון דאַנען,
צי וואַרטן מיר ביז וואַנען
די נאַצי־בעסטיע וועט נעמען אונז אויף אירע הערנער
און דאַן מיט אונז אַ פּרק אחדות לערנען?...

דער נאַצי־אשמדאי, דער שוידער פון דער וועלט און אונטערצינדער,
וואָס שעכט אונז אויס ווי רינדער,
און וועגט דעם אידנ'ס אָפּשטאַם אויפ'ן פּערטל, אויפ'ן אַכטל,
און וויל די גאַרע ערד ביי זיך אין פויסט פאַרמאַכטן; —
ער איז די האַק, די בלוטיקסטע, פון 20טן יאָרהונדערט,

ער שטרעבט צו זען אויך אונזער לאַנד געבונדן
און אויף די קני פאַר זיינע טייוול׳ס פיס, —
און ווינד און ווי וועט זיין דעם טייוול׳ס ביס!

דאָס לאַנד, דאָס איינציקע, וואו אידן־רעכט איז פעסט געזיכערט,
ליגט איינגעוויקלט אין אַ שלאַכט־געוויכער,
אַ שלאַכט נאָך ניט געהערט אין וועלט׳ס געשיכטע,
פאַר מענטשלעך רעכט און גליק, פאַר ברידערלעכע פליכטן.
צו אונז פון דאָרט דער רוף קומט איצטער אָן:
די פרייהייט, אונזער פרייהייט, שטייט אין קאָן! — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
צי וואַרטן מיר ווער ווייסט ביז וואַנען,
מיר אַלע דאַ פון היינט און דאַנען?...

(1941)

# אין קריג אין גערעכטן...

.1

גערעכט אונדזער קריג איז פאַר פרייהייט און רעכט, —
און אונז האָט דער שונא באַפאַלן...
מיר נעמען אויף מוטיק דעם גרויסן געפעכט,
און שלאָגן מיר וועלן זיך אַלע.

מיט וואָרט און מיט וואָפן, מיט מאַרך און מיט ביין
אויף ביטערן שונא זיך וואַרפן;
אויף אונז ליגט דער גורל די וועלט מאַכן ריין
פון צינדער, וואָס וויל אונז פאַר׳שרפה׳ן.

די נאַצישע פּלאָג און פאַשיסטישן סם
אין וואָרצל אָרונטערצוהאַקן;
צעיושעטע „אַקס" אויף ערד און אויף ים
זאָל ברעכן איר האַלדז און איר נאַקן.

דאָס גאַנץ האָב-און-גוטס אויפ׳ן וואַגשאָל אַ וואַרף, —
די לעבנס פאַרזעצן ווען נייטיק!
און אויפגיין זאָל פרידן אויף שטאָט און אויף דאָרף,
אויף פעלדער געזעטיקט מיט ברויטן.

אין קריג אין געדעכטן קיין שפאַן ניט צוריק,
ניט לאָזן די פרייהייט צו שענדן!
מיר נעמען געפעכטס אויף! און — דורכפאַל, צי זיג —
אין גאַנצן אָן אונז וועט זיך ווענדן...

.2

אונזער וואָרט — אונזער טאַט
איז פון שטאָל אויסגעשמידט.
אונזער לאַנד אין געפאַר
פון דעם רויבער באַנדיט.

זיסע רייד אויף זיין ליפ,
און אין האַרצן אַ בראַנד;
שלום רינט אים פון מויל,
און אַ מעסער אין האַנט.

אוי, דו רויבער, פאַשיסט,
אוי, דו נאַצי-באַנדיט;
אונזער לאַנד גייט אין קריג,
ווי פון שטאָל אויסגעשמידט.

לאַנד מיט לאַנד אין אַ בונד
קעגן בלוטיקן פיינט;
ווער דעם שונא צעשלאָגט,
דער איז אונזער׳ס אַ פריינט.

מענטש מיט מענטש אין באַהעפט
קעגן ווילדן באַרבאַר;
פאַלשע רייד און פאַרשטעלט
האַלטן מענטש ניט גענאַרט.

אונזער זאַך איז דער קאַמף,
ביז צום סוף אונזער קריג!
ביז דער רצחן, דער שד
שטייט ניט אויף מער צוריק...

(1942)

## פיר רויטע מאַטראָזן

(באַלאַדע)

דער שונא איז גרויזאַם אין לעצטן פאַרזוך
צו נעמען די שטאָט סעוואַסטאָפּאָל.
דער גיהנום צעעפנט מיט פייער און פלוך.
דער שד האַלט שוין פאַרטיג זיין גאָפּל.

פון ים ציט אַ נעפּל און מישט זיך מיט רויך,
און רייסט זיך די זון צו פאַרדעקן.
קאַנאָנען און פּלאַנעז, און ס'רעוועט פון הויך:
די פעסטונג, די רויטע פאַרמעקן!

די גאַסן און סקווערן צעשונדן און וויסט,
קיין בוים און קיין גראָז ניט פאַרבליבן.
און ס'וואַרפט זיך דער שונא, נאָר וואַרפט זיך אומזיסט;
ער האָט נאָך דעם זיג ניט פאַרשריבן.

ער האָט זיך שוין, דוכט זיך, דערקליבן צום האַרץ,
מיט מעסער אין האַנט זיך צעלאָזן;
נאָר ס'האָבן די רויטע זיין פּנים פאַרשוואַרצט,
פיר העלדישע רויטע מאַטראָזן.

די זון גיסט פון אויבן דורך שפּאַלט און דורך ריס
מיט גלוסטונג און בענקשאַפט פאַנטאַזיען.
פאַרבלוטיגט די לאַנדשאַפט פון נאַציישן ביס,
אַ גיהנום די שטאָט-פּאַנאָראַמע.

דער פּלאַץ און דער האַפן, די עדות פון קריג.
פון אַמשדאַי'ס העלישן פייער;
די מאַנשאַפט, אַ קליינע, נאָר שלאָגט אויף צוריק
און גיבן די לעבנס צושטייער.

פיר יונגען, פיר בראַווע געשיקט אויפ'ן פעלד
פאַרשטאַרקן אַ שיס־באַטאַרייע.
און מוטיג דער גאַנג איז, מיט טריישאַפט באַזעלט,
און ווי אויף אַ יום־טוב זיי גייען.

פון שונא אַ האַרדע אַנטקעגן קומט אָן
און גרייט שוין די רויטע צעמאַלן...
פיר יונגען, פיר בראַווע, — אַ טראַכט און געטאָן:
דער שונא זאָל טייער באַצאָלן!

באַצאָלן זאָל מערדער פון מוטער און קינד,
דער הענקער פון מענטשלעכע רעכטן,
פאַר שוועסטער און טעכטער באַצאָלן אַצינד,
פאַר אַנפאַל פון שענדן און שעכטן...

ביים שיס־נעסט חברים אין וואַרטונג געשפּאַנט,
און צוטרוי אין זייערע בליקן; —
אַי, ברידער, חברים, קיין רגע ניט זאַמט,
די בעסטיע אויף שטיקער צעפליקן!

און ס'שיקן די בראַווע אַרוים דעם סיגנאַל:
„אין אונז צילט! צילט זיכער! אָן ציטער!
און פליִיצן זאָל פייער און גוס פון מעטאַל
ביז שונא וועט ליגן פאַרשניטן..."

און ס'האָט זיך פון שיס־נעסט צעעפנט דער שפּונט,
און קוילן צעטראָגן דעם ענטפער...
די האַרדע צעלעכערט, דערשלאָגן צום גרונט, —
געפאַלן, ווי העלדן, פיר קעמפער...

באַזוימט פון דער זון איז דער נעפּל מיט רויט,
די ערד ליגט אין רויטן פאַרגאָסן;
פאַרברידערט אין לעבן, פאַרהערלעכט אין טויט —
פיר העלדן, פיר רויטע מאַטראָזן...

(1942)

## ניו-יאָרק פאַרטונקלט...

(אַ בילד פון מלחמה־צייט)

שוואַכער שיין — טונקלער שיין,
ליגט אויף די טראָטואַרן,
אויף אַ געדרענג פון פיס;
פיס גייען, שטייען, שאַרכן, שאַרן,
און שפּיזלעך ליכט אויף שפּיצן-שיך
אָט שיינען אויף און אָט פאַרגייען.
פיס קומען נענטער, שיין דערנענט זיך, —
און פאַרנעמט זיך
אויף די קאַלאַשעס און אויף זאָקן,
און פאַלט צוריק אויף טויט דערשראָקן.

די גופים שיילן אוים זיך שווער,
ווי נים פון האַרטער שאָלעכץ,
און בלייבן אין אַ שלייער.
קיין קאָפּ און פּנים —
ניט צו דערקאָנען;
און טוט אַ בליץ אַן אויג אַ רגע,
איז ווי אַ שוועבעלע — אַ צונד!
און באַלד פאַרלאָשן...

ס'איז יעדער ווינקל ווי אַ שלאַכט-פעלד,
און יעדע הויז — אַ פעסטונג;
שטייט ריז „מאַנהעטן" טונקל און פאַרשטעלט
אין וואַכזאַמקייט, אין גרעסטער.

און שטרענג איז זיין באַפעל:
אַרונטער מיט די שטערן! —
דורך אַוונטן און נעכט זאָל פינצטער זיין
אויף אַלע הויכע גאָרנס! —
דער נאַצי־שד שלייכט אום
און לויערט ביי די שוועלן; —
ווער שוואַרץ, דו „וויסער־וועג״!
אין דינסט צום פיינט זיך ניט צו שטעלן...

„בראָדוועי״, „טיימס־סקווער״ מיט בלינדע שילדן,
און בעלמעס אָנגעקלעפּט אויף גאַסן־לאָמפּן;
און ס׳לויפט דער שיין אַראָפּ, אַראָפּ,
און לעגט זיך אונטער טראָט פון זויל,
און לאָזט זיך אונטער שאַרך און שאַר
פון פּיס אויף גאַס און טראָטואַר,
און רוימט אַריין די שפּיצן־שיך:
פאַרשאַרט!
פאַרשאַרט!
פאַרוויש־ש־ש־ש־ט!...

(1942)

## פאַר אונזער קיום

פאַר אונזער פאָלק און זיין קולטור,
פאַר אונזער קיום אויף דער וועלט, —
ניט וואָגן קיינער זאָל פון אונז
אין הינטער־גרונט צו זיין פאַרשטעלט!

דער שונא הייבט אויף אונז די האַק,
וואו נאָר זיין פוס די ערד באַטרעט;
און ווען דער טויט קלאַפּט אָן אין טיר, —
די רעטונג איז צו שפּעט...

די זון אין מזרח הענגט פאַרקלעמט,
פאַרדעקט אין רויך, מיט בלוט פאַרשמירט;
און מיר — אין פנים פון געפאַר —
פאַראוים! פון אחדות אָנגעפירט!

אין בבל אויפגעהאַנגען אונזער האַרף
אויף אַ פאַרוויינטן ווערבע־בוים;
מיר זינגען היינט אַ לויב צום לאַנד,
וואָס האָט פאַרווירקלעכט אונזער טרוים.

בירא־בידזשאַן, די היים פון אונזער פריי־געבורט,
די קוזניע, וואו דער קיום אידישער זיך שמידט, —
גייט, ווי איין מאַן, אַנטקעגן פיינט אַרוים,
און מוטיק קלינגען אָפּ די טריט!

פון אייניקייט מיר שמידן אוים די רייף,
פאַר ברודערשאַפט מיר בויען אויף אַ בריק;
און אויפגיין וועט פאַר אונז די זון פון זיג,
און וועט ניט אָפּטאָן זיך צוריק!...

(1942)

## געזאַנג פון האַס און נקמה...

(רובאיאט)

וואַך אויף! עפן אויף דיין טיר און טויער ברייט!
נעם אויף דעם האַס מיט בענטשונג, ווי אַ גאַסט!
דער שונא אומעטום דיין אויסראָטונג פאַרזייט,
און ס'איז די ערד מיט דיינע קברים אויסגעשפּרייט.

זאָל פון דעם האַס די נקמה אויפגיין אין אַ פלאַם,
דיין בלוט און טרערן זאָלן טוי און רעגן זיין;
און ס'זאָל אויסברענען דעם שונא און זיין שטאַם, —
זיין אַש פאַרווייען זאָל דער שטורעם אויפ'ן ים.

אַ, זע! דיין בלוט־און־פליייש, ווי זיי דער תליון צווינגט
צו גראָבן גרוב פאַר זיך אין פנים פון דעם טויט;
ווי ווילד, ברוטאַל זיין מעסער גרויזאַם זינקט
אין האַלדז פון קינד און ביז צום האַרצן דרינגט.

פאַר אַלע אונדז דאָרט שלאָגט זיך דער פאַרבאַנד,
און זיינע פעלקער — איין משפחה גרויס;
צי זעסטו ניט, ווי ער שטרעקט אויס זיין האַנט
און ווייזט אויף דעם מערב׳ס שטילן שטאַנד?..

דער „מענטש־פאַר־זיך" גייט מיט אַ טאָרבע אום,
און וואו ער קומט, דאָרט בלייבט נאָך אים אַ סליאַד;
און די פאַררעטער קלייבן מיט אַ מינע פרום
דעם סם און שפּרייטן צווישן אונדז אַרום.

פאַר אונדז גייט אויף דער דונערדיקער קול,
וואָס שפּאַלט דעם שלאָף און שרייט: געפאַר!
ס׳איז אונדזער גורל ווערט פאַרשאַרט אין אומקום־טאָל,
און אונדזער לייב צעשניידט דעם שונא׳ס שטאָל.

פּיל אָן דעם כוס מיט צאָרן פון נקמה־קוואַל,
לאַד דיינע קינסטלער איין צום האַס־באַנקעט;
און טרינק צו זיי אַ טאָוסט געמישט מיט גאַל,
אַז טויט צום פיינט זאָל ברענגען זייער שאַפונגס־שטראַל.

גיס דעם נר־תמיד אָן מיט אויל פון האַס,
נעם בראַנד אויף ליפּ און פלאַם אויף צונג,
און צינד דעם קנויט געטונקען אין עקסטאַז, —
אַ פאַקל פון נצחון פאַר׳ן פאָלק אין גאַס.

די שלאַכט איז שווער און גרויזאַם איז דער פיינט, —
נאָר מיר׳ן איינמאָנען פון אים דעם האַרבן חוב
פון שווידער און פון שאַנד; און פון דעם חושך הייַנט
צום ליכט פון מאָרגן גיין, ווי ברידער און ווי פריינט.

(1942)

# ווי אין אַ חלום...

.1

„ס'האָט יעדער טאָג זיין מאָרגן־שעה,
און יעדער פרילינג האָט זיין טוי,
וואָס לייגט זיך שטיל און פרום
אויף מאָך און שטיין, ווי אויפ'ן פעלד אַרום;
אזוי געווען, און ווייטער זיין וועט אויך אזוי..."

איך זע ניט קיינעם, נאָר הער די רייד.
ווי אין אַ חלום, דוכט זיך מיר,
אַ האַנט באַווייזט זיך דורך דער טיר,
און ציַיגט מיר אָן אויף ווייטן ראַנד
אַ ניט־קיין־דאָאיג וואונדערלאַנד.
ס'איז בלוי דער הימל, בלוי די ערד,
און בלויע מענטשן, אומגעשטערט,
באַוועגן זיך אין בלויען רוים
און וועבן אוים אַ בלויען טרוים.

איך קלער ביי זיך, דאָס איז אַ שטראָף;
אַ בלויע פאַרב און אָן אַ סוף
פאַרוויגט דאָך יעדערן אין שלאָף,
און וואכט מען אויף, ווערט מאָנאָטאָן, —
איז וואָס וועל איך דאָרט טאָן?...

.2

די האַנט ביים טיר פאַרשווינדט.
איך פיל מיין פעדער אָן מיט טינט
און נעם פאַרשרייבן אָט דעם מאָדנעם פאַל.
און מיטאַמאָל, ווי פון אַ קוואַל,
אַ שטראָם געדאַנקען, אַ פאַרפלייץ,
און גלייך אין פנים ניט פאַרפעלט דערמאָנען,

אַז אָט איך שטאָם אַליין פון יענעם בלויען לאַנד;
געזעסן אויף אַ שטיין ביים ראַנד,
די וואָלקנס אויסגעמאָלקן, די לבנה אויך,
און זיך פאַרשפּילט מיט רינגעלעך פון בלויען רויך,
און אָט אַזוי צע'פטר'ט יאָר נאָך יאָר, —
איז וואָס-זשע מיר דאָ איצט ניט קלאָר?

.3

און איך וואַך אויף, ווי פון אַ שטאַרקן שטויס,
און לאָז זיך איבער גרויער וועלט אַרויס.
איך שפּיץ דעם אויער אָן, שאַרף אָן דאָס אויג
און טו זיך צו דער ערד אַ בויג.
און פון דער ערד גייט אויף אַ ריזיג גרויסע קראַפט,
וואָס וועגט ניט אָפּ און מעסט ניט אויס איר זאַפט,
נאָר אום-אַרום גייט אָן אַ יאָג-געיעג-געדראַנג,
און מענטשן צאַפּלען זיך ווי פיש אין נעץ-געפאַנג.
די ערד — אַ מאַמע אונדז, און ניט אַ פרעמדע אַם,
פאַרוואָס-זשע איינעם ברויט און פאַר'ן צווייטן סם?

איך הער די תורה פון געדולד ווי ס'טריפט פון פרומע ליפּן;
איך זע, ווי מענטשן לאָזן זיך פאַרקניפּן
אין קנופּן צוויי פון גלייכע און ניט-גלייכע; —
נאָר ס'האַלט גאָט ביים לאַץ דער שטאַרקער און דער רייכער; —
און ווען עס עפנט אויף דער שקלאַף זיין מויל,
איז גרייט אַ שטריק, און ס'וואַרט אַ קויל.

און ס'דרייט זיך אויף איר אַקס די ערד,
ווי אין אַ ראָד אַ בלינדער פערד;
שלעפּט נאָך מיט זיך די טעג און נעכט, און צייטן פיר,
אַ קעסל-גרוב אין בויך, און הויט צעפּלאַצט אויף איר, —
און רוף זי מאַמע אָן, צי רוף זי ניט,
ניט פאַר דיר זי פרירט, ניט פאַר דיר זי בליט...

איך טראַכט: דאָס רייד איך גאָר מיט זיך אַליין,
און זיץ שוין ווידער אויף אַ שטיין,
און מאָל זיך אייזבערג, און זינג פון וואַסערפאַלן,
און וועב צונויף געהירזשעריי פון זאַטע פערד אין שטאַלן
מיט דעם געוואַי פון הונגער, פיין און נויט,
וואָס נישטערט, זוכט אַ טרוקן שטיקל ברויט.

.4

איך זע, ווי אַ געשטאַלט גייט אויף און שענקט מיר ניט קיין קוק,
און רעדט קיין וואָרט ניט אויס — אַ בייזער מרוק;
נאָר איז פאַרטאָן אין בויאונגען אָן צאָל
אויף הויכן באַרג, אין טיפן טאָל.

איך כאַפּ זיך אויף, ווי פון אַ קראַנקן שלאָף,
און זאָג צו זיך: דאָס איז די האַרבסטע שטראָף
צו הענגען אויף אַ חלומ׳ס ראַנד
אין אָן אויסגעטראַכטן בלויען לאַנד.
די וויג פון אייביקייט, וואָס איז אַזוי באַזונגען,
וואַלט אין פאַרגעסנקייט שוין לאַנג פאַרזונקען,
ווען ניט די קראַפּט, וואָס בויט, און שאַפט,
און פלאַנצט, און זייעט, און לעבן שפּרייט;
ווען ניט דער טייג, וואָס יוירט, און יוירט,
און גיט פון זיך אַרויס דעם ברויט.

איז אָט מיט דיר זאָל זיין מיין גורל!
און ניט אין חלום, — אויף דער וואָר
זאָל שטייגן בויעריש מיין וואָרט
און בינדן זיך אין טאַט, ווי זאַנגען אין אַ גאַרב, —
און רויט זאָל זיין מיין פאַרב! — — — — —

(1922)

# מאָטל דער שליסלמאַכער

(פּאָעמע)

.1

ס'האָט צוגעטראָפן גראָד אין צייט, סוף חודש מערץ,
ווען ס'האָט פאַרשמעקט אין שטאָט מיט פרילינג.
דער שליסל-מאַכער מאָטל מאַנדלברויט
האָט זיך געפעדערט אין דעם מאָרגן קילן.
אין קעלער-שטוב די פאַרנע ווענט, אַזש ס'האָט פון זיי
מיט איבלדיקער טוכלעקייט געטראָגן.
דורך מוטנע שויבן האָבן זיך נאָר געזען,
ווי פיס, און פיס זיך יאָגן.
דעם לענדלאָרד'ס משל, ווען ער קומט נאָך רענט,
ער זאָגט: אַ דירה איז צו אַ גאַנז געגליכן.
אַן פראָסטע זי גיט דיר ניט אַ זערנע שמאַלץ,
און אַן באַהייצונג — ווענט באַקומען פליכעס.
הערט מאָטל, שווייגט און טוט אַ שמייכל אַ פאַרשעמטס.
קיין דירה-געלט ער האָט נאָך ניט אויף צו באַצאָלן.
פון ווינטער ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ הוסט,
און פינגער, ווי די קלעצלעך אַנגעדראָלן.

זיין ווייב גייט אום מיט שטעכעניש אין זייט,
די קינדער קרענקען צו, ניטאָ מיט וואָס זיך היילן.
אין אַזאַ טאָג, נו, ריר זיך, ריר! וועט אפשר זיין
אַ ביסן ברויט, צי אַ קאַרטאָפליע אָפּצושיילן.

.2

גייט מאָטל אום אין גאַס, אַ ראָד מיט שליסלען אויפן האַלדז,
אַ גרייטער צו באַקעמפן אַלע סאָרטן שלעסער.
אים דוכט, אַז דער טראַמוויי קלינגט האָפערדיקער איצט
און טראָגט אַ צוזאָג אים אויף עפּעס בעסערס.

נאָר אין זיין נאָכבאַרשאַפט, אין אָפּפאַל פון דער שטאָט,
ער ווייס, ער וועט ניט קריגן די געווינטשטע קונים.

איז לאָזט ער זיך אַהין צום לייטישערן טייל,
וואו הויז און בוים און גראָז באַהעפטן זיך אינאיינעם.

ס'איז רחבות'דיק אַרום. אַ פינקל בלוי, אַ שפּראָץ פון גרין;
פון ערגעץ שמעקט מיט פרישטיק און מיט קאַווע.
אַ שוויים באַשלאָגט אים: אָ! ווי ער וואָלט איצט
אין אָט אַן אָנבייסן אַזאַ געווען פאַרהאַוועט.

ער כאַפּט זיך באַלד צוריק און זידלט זיך אַליין:
זינט ווען איז ער דאָס אַזאַ פרעסער? —
באַנעצט ער טרוקן ליפּ און זינגט זיין סחורה אויס,
די שליסעלעך צו אַלע סאָרטן שלעסער.

און טיר און פענצטער שטעכט ער דורך מיטן אויג,
צי וועט אַ קאָפּ, אַ פינגער זיך באַווייזן...
און מאָדנע, ס'באַמבלען זיך פון ערגעץ ווייט
די טענער פון'ם ליד, ווי נויט ברעכט אייזן.

.3

פון קינדווייז אָן האָט מאָטל האָלד געזאַנג,
אָן אומעטיקס איז אים צום האַרצן נענטער:
נאָר ווען סע גייט אַוועק קאַפּויר, איז וואָס דו זעסט
און וואָס דו הערסט אַלץ זאַכן ניט דערקענטע.

מען האָט באַדאַרפט דאָך אויפהויבן אַ נאַגעוואַלט,
אין מיטן העלן טאָג אַ וועלט באַ'גזל'ט...
נאָר מאַלע וואָס? — אָט איז זיין אייגן ווייב
האָט אויפגעהערט צו רופן אים שלימאַזל.

שוין בריות גרעסערע פון אים שלינג-שלאַנג און אויס,
און ער גייט אָפּ די פּיס פאַר צופּאַסן אַ שליסל.
ווי זינגט מען היינט? — גאָר אייזן ברעכט די נויט!
ניט בעט, דיר קומט פון אַלדאָס גוטס געניסן.

און מאָטל שמייכלט זיך אין באָרד אַריין;
אים דוכט, ער הערט זיין יונגוואַרג זינגען:

„שטייט אויף, שטייט אויף, איר אַרבעטס-לייט..."
אַזש אַלע אַלטע שייבלעך הילכיק קלינגען.

זיין יאַטל, מאַזי, גרויסט זיך: ער איז פּיאָנער,
און זיין פאַרלאַנג איז נאָר אַ רויטע טיכל.
עס העלפט קיין טענות ניט, אַז פריער בילכער איז
אים צו באַזאָרגן מיט אַ העמד, אַ שיכל.

זיין זון, דער עלטערער, אַ בחור'עץ, 10 יאָר,
ער גיט שוין טאַטע-מאַמע צו דערקלערן,
אַז נאָר אויף אַרבעט שטייט די גאַנצע וועלט,
און צו דעם אַרבעטער דאַרף אַלץ געהערן.

אַט ער אַליין, פון יוגנט-אָן געהאָרעוועט, און איצט
ניטאָ מיט וואָס די כוחות צו פאַרריכטן.
און מאַטל טוט אַ טראַכט, ווען נאָר אָן אים געווענדט,
ער וואָלט דאָס פאַר אַ פערט-חלק געשליכטעט.

.4

גאַס-איין, גאַס-אויס. יונג-פרילינג שטאַרקט דעם טראָט,
מאַכט פריי דעם אָטעם נאָך די ווינטער-פּענטעס;
נאָר מאַטל וויים, אַז ס'וועט נאָך זיין אי שניי, אי קעלט,
אי נעץ אין שטוב, און לענדלאָרד ט'מאָנען רענט אים.

שוין וויפל „דזשאָבס" געמאַכט? — ער רעכנט אויפן קאָפּ:
אַ נישטיק צאָל, און לוין — אַ טראָפּן אין אַן עמער.
נאָר פּלוצלונג בלייבט ער שטיין און פרעגט ביי זיך אַליין:
איז וואָס בין איך אַן אַרבעטער, צי גאָר אַ קרעמער?...

ער טראַכט און ספּעקולירט; אין מוח דרייט,
אַט ווי ער דרייט אין שלאָס די שליסלען...
און מאַטל זינגט זיין ווארע אויס, און קלערט,
ווי יאָגט מען אָן דאָס יונגוואָרג זיינס צוביסלעך.

———————————————

דער פרילינג אָטעמט טיף אריבער דאַך און שוועל.
פון הייזער שמעקט געבראָטנס, ס׳קלינגט מיט טעלער, שיסל.
און מאָטל שפּאַנט פאַרטראַכט צוריק צום אָפּפאַל־שטאָט:
מ׳דאַרף ערשט נעמען מאַכן גאָר אַ נייעם שליסל...

(1935)

# שפּאַניע

1.

מיין פוס האָט קיינמאָל ניט דיין ערד באַטראָטן.
אויף דיינע בערג, אין דיינע טאָלן מיין אויג
האָט קיינמאָל ניט געוואַנדערט;
נאָר דיינע שטעט פּאַרצייטיקע, היסטאָרישע:
סעוויל, קאָרדאָוואַ,
טאָלעדאָ און גראַנאַדאַ,
זיי האָבן מיך באַהערשט אין פריסטער יוגנט,
אין אויפגאַנג פון אַ ניט־געשטילטן ווייטיק
פון פראַגן אַ געפלאָנטער
און טיף און שאַרף פאַרקאַרבט געבליבן אין זכרון.

נאָך אינגלווייז, נאָך זיך אַליין ניט אויסגעפונען,
נאָך איידער וועלט־באַגריף און מענטשן־רעכט באַנומען,
נאָר סתם געפילט אויף יונגע הויט און ביינער
דעם בייזן דרוק פון אָרעמשאַפט און דחקות,
דעם שפּאָט און שפּאָס פון „באַלעבאַטים׳ס קינדער״
(די גאווה פון אַ גאַנצן אָנצוג קעגן טראַנטעס), —
נאָך דאַן, אַ טיף־באַליידיקטער, אַן אַרויסגעטריבענער
און מיט אַ קללה אויף די ליפּן אָנגעצונדענע,
איך האָב געלאָזט מיין בענקשאַפט וואַקסן
נאָך דיר, מיין דעמאָלט ווייטע
שפּאַניע...

אין אַרעם געסל אָפּגעשליסנס
כ׳האָב אוצרות טרוימען אויסגעוועבט
פון דיינע אַלטע שטעט
פון קאַטאַלאָניע, אַנדאַלוזיע ;
ביז שיכרות זיך פאַרלייענט
אין „עמק־הארזים״,
די מעשה פון די אידישע אַנוסים...
דאָס יונגע הארץ האָט ווי געטאָן, געשניטן,
געריסן ווי די צוואַנג פון אינקוויזיציע־קאַמער,
אויף די געפּייניקטע אין קירכן־קעלערס אונטערערדישע,
און האָט אויפגעזאָטן היים און דיק
דעם צער אין מיין יונגן בליק.

.2

זינט יענע ווייטע יאָרן
אַ תקופה איז אַוועק מיט וואַקסנדיקער טעמפּאָ,
אַ וואַסערפאַל אין ריזן־פאַלדן ;
אין יעדער פאַלד אַ שוואונג־עפּאָכע,
אַ בוך געשיכטע
געשריבן און דיקטירט פון הענט פון אומגעריכטע ;

ס׳האָט אַרבעטער־„המון״
אויף זעקסטל פון דער וועלט
פאַרלענדט דעם טראָן און פּריצישן געשטעל
און זיך אַליין פאַר באַלעבאָס דערקלערט...

און אויפגעדעקט אין גרויסן וועלט־מהלך
ליגט אָפן איצט דער קוואַל פון מערדערישע מעשים ;
די האַנט, וואָס האָט געצונדן און געברענט
די שייטער־הויפנס פליסיק, —
די האַנט די זעלביקע, די בלוטיקע
טראָגט טאָרקוועמאַדאָ׳ס קנויט אָרום
געוויקלט אין לאָמפּ מיט בלוט...

ווי פריידיק אויפגעציטערט האָט דארום מיין האַרץ,
ווען דיין פאָלקס-פראָנט געווינס
האָט שלאָגלעריש און מעכטיק זיך צעקלונגען
ביים שוועל פון שוואַרצער אַפריקע,
אין האַרץ פון פעסטונג יעזואיטישער,
ביי דיר, מיין איצטער נאָענטע,
בלוטענדיקע שפּאַניע.

.3

פאָראויס! פאָראויס! פאָראויס!
פאָלקס-פראָנטלער אַלע!
און ס'רוישט מאַדריד, און באַרצעלאָנאַ זידט;
דאָס פאָלק צעעפנט האָט
אויף אַלע שליוזן זיינע לאַנג-פאַרהאַלטענע קוואַלן.

.4

און נאָענט און נעענטער ווערט די ווייטע שפּאַניע,
די גרויסע, גרויסע וועלט-אַרענע
פון מאַטאַדאָר-פּאַשיסט און צירק בלוט-בלוטיקסטן
אין פּנים פון דער קלוגער וועלט ציוויליזירטער,
וואָס זיצט מיט „ריינע הענט" אין פרומען אויפרעג
און וואַרט און גאַרט באַשיידן
דער „אָקס", דער „אָקס" זאָל פאַלן,
און שיפעט שלאַנגיש אויפ'ן שלל פון רויב, —
ש-ש-ש-פּ-אַ-נ-י-ע....

מאַרשירט מאַדריד די מיליטאַנטע —
„וויוואַ לאַ רעפּובליקאַ!"
דער אַרבעטער און פּויער,
דער וועבער און דער גרעבער,
די שאַפער און די בויער פון אַלקאַזאַר-אַנטיקן
ביים אויפריים אייגענעם
פון מי און מאַרך פאַרגאָסענע
אויף אויסטערלישע טורמעס און אויף אַלטע בריקן.

מיט האָרעוואַניע׳ם וועלט־געזינד, ווי אייגן פלייש און בלוט
איך גיי דיר, שפאַניע, נאָך אין יעדן דיין מארשרוט
און פאָלג דיר נאָך דיין יעדן ריר, און ציטער,
ס׳זאָל ניט פאַרווייען דיך פאַשיסטישער געוויטער...
און רוף און מונטער דיך
און שטאַרק דיר דיינע הענט:
פון בירגער־קריג,
פאָלקס־פראָנט, צום זיג! — — —

(1936)

# 2. שטעט

## אַמעריקע

(סאָנעט)

דיין הויזלעכקייט קאָן פאַר דער וועלט אַ מוסטער דינען.
אַזאַ גאַסטפריינטלעכקייט, ווי דיינס, ז'ניט צו געפינען.
און האָניק האָסטו לרוב ; אַ בינשטאָק פול מיט בינען.
מיט זייד פאַרפלייצט ; אַזויפיל ווערים זיידנס שפינען.

און דיינע דערפער זענען שטעט, און דיינע שטעט — מדינות.
און איינגעשרויפט דיין ערד ליגט אין אַ גרויסער נעץ פון שינעס.
דער וואָלקנצוג פאַרטשעפּעט זיך אָן דיינע דעכער,
מיט גאָלדשטיקער איז פול דיין זאַק, מיט וויין — דיין בעכער.

כאָטש ביסט נאָך יונג, אויף אַלע מערק דו ביסט שוין אַלטגעזעסן.
דו טרינקסט פון פרישסטן קוואַל, און קריגסט דאָס בעסטע עסן,
און ס'וואַקסט און ברייט זיך אויס דיין בויך אויף פּיס ווי דעמבע-
שטאַמען.

נאָר קליין איז נאָך דער קאָפּ אויף אָט די ריזן-פּלייצעס :
דו רייטסט גאַלאָפּ און ווילדעוועסט מיט בייטש און לייצעס, — —
זע : פערד און רייטוואָגן פאַרטראָגן דיך אויף פרעמדע לאַנען...

(1921)

## דעטראָיט

.1

דעטראָיט, —
אַמאָל, ווען איך האָב דיך געזען,
ביסטו אי חנ'עוודיק, אי שעמעוודיק געווען.
געאָטעמט האָבן דיינע מאַרקפּלעצער און רחבות'דיקע סקווערן
מיט זעט מיט פוירשער.

געקלעטערט האָבן גרינסן
אויף אַלע דיינע שוועלן און געזימסן.
געזונגען האָבן שטאַרקע פיס אויף דיינע עוועניוס און גאַסן
מיט דראַטיקן געטראַט.
אַ דאָרפיש ברייט־צעשפּרייטע שטאָט,
ביז איבער ברוסט באַוואַקסן גרין און וואַלדיק,
און פויגל־נעסטן, טויבן־שלאַקן
געהיימישט האָבן זיך אין דיינע פאַלדן.

און באַלד, ניט ווייט פון סאַמע „הארצן",
צעלייגט די רייכע, שיינע רעזידענצן;
אַ הויז — אַ פּאַלאַץ אויף אַ גרויסן שטח,
און איינגעפונדעוועט מיט אַלע זיבן זאַכן;
מיושב'דיק און איינגעשפּאַרט, אַ שטייגער אַלטע פאַרמערס.
אין שכנות נאָענטער, אין נאָכגעמאַכטע סטילן,
אַרומגעצאַמט מיט שווערע אייזערנע שטאַכעטן,
די פרום־פאַרטיפטע, שווייגנדיקע קלויסטערס,
און זייט־ביי־זייט די מאַטאָווע קופּאָלן
פון „בית־אל" טעמפּל פאַר די דייטשישע יאַהודים.

און כאָטש דו האָסט — ווי אַלע גרויסע שטעט —
דיין רויטיק־ראָשן טייך פאַרשטעלט
מיט גרויע ווענט און הויכע קוימענס,
זיין וואַסער אויסגעפלעקט מיט אָפּפאַל און מיט אוילן, —
האָט דאָך דאָס שטאָטיש מידע אויג גערוט
אויף דיינע פערי־שיפלעך, ווען זיי האָבן זיך געטוקט
אין כוואַליענדיקן שוים, ווי קאָטשקעס אויף־און־אָפּ,
פון ווינדזאָר צו דעטראָיט,
און צוריק צו ווינדזאָר.

און אויסגעטיילט דו האָסט מיט ברייטער האַנט
די געטאָס דיינע.
צו מזרח־זייט פון וואודוואַרד עוועניו,
דיין רוקנביין, —
מיט פוילע אויסגעשפּרייט דאָס האַנאַראַווע פוילן

אויף גאַסן צענדליקע, מיט שפּיציקע קאַסטיאַלן.
די קסיאַנדזן — פּנים׳ער פּירקאַנטיק,
און שוועסטער הייליקע אויף אַלע קנעפּ פאַרשפּילעט.

די אַקוראַטנע דייטשן האָבן פון דער היים געבראַכט
די נעמען פּאַרטיקע פאַר מערק און גאַסן;
אויף ברעטלעך אָנגעשריבן, צוגענעגלט באַלעבאַטיש
און איינגעוואָרצלט זיך, ווי דעמבעס פעסט און זיכער.
איטאַליע האָט פאַרקויפט באַנאַנעס צו די קינדער דיינע,
דיר אויסגעפּלאַסטערט די צעדרייטע שטעגן, וועגן, שליאַכן,
און אויסגערוט די מידע, שווערע, שטייפע לייבער
אין נישטיקע, פון דיר פאַרלאָזענע כאַלופּעס.

דיין נעגער־פאָלק איז ליידיק ניט געזעסן;
פאַראַן געגוג די שוואַרצע אַרבעט.
אַ צרה בלויז די פוילקייט,
די פוילקייט פון אַ „ניגער.״
אַט שטעלסטו אים צו גראָבן גריבער,
און ער — אין מיט׳ן־דרינען —
צעזינגט זיך קינדעריש און האַרציק
פון „דיקסי־לאַנד״ אַ לידל,
צי סתם אַזוי צעלאַכט זיך און וואַרפט אַוועק דעם רידל.

די אידן פון די „ארבע־פּינות־עולם״
דו האָסט ביי זיך אין הייסטינגס־גאַס באַפעסטיקט,
און אויפגעלעבט האָט זיך אַ שפּאַגל נייער מסחר:
אַן אַלטע שמאַטע ערגעץ־וואו, אַ זשאַווערדיקער אייזן,
אַ ביין, אַ שרייפל, אַ דרעטל, צי אַ טשוועקל,
געוואַלגערט פריער אומבאַמערקט אין הינטער נאַרעס,
געוואָרן זיינען חשוב׳ע אַרטיקלען.
און אידן בערדיקע מיט זעק פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס
געטראָבעט האָבן מיט אַ לייִם: ט־ר־ר־ו! אַנטשעס און אַלטוואַרג...

און מסחר איז געגאַנגען. פון זאַק און פּאַק
צו פערד־און־וואָגן זיך אַרויפגעדראַפּעט.

אַ חורבה אָפּגעדונגען, אַ לאָך, אַ שאַפּקע;
און גאַנצע אייזנהויפן אויסגעוואַקסן.
פון טרובקע־בלאָזער — יוסטע באַלעבאַטים
מיט וואַזשנע קראָמען און אויבנאָנס אין שולן.

אַזוי געפלאָסן האָט ביי דיר מיט וואוילטאָק,
און כאָטש דו האָסט שוין דאַמאָלסט ווייט גע'שמ'ט אַרום
מיט דיינע אויוונס אייזערנע צום באַקן און צום קאָכן,
מיט דיינע מעדיצין־פאַבריקן
און טויזנט אַנדערע גליקן, —
דו ביסט נאָך דו געווען, אין יחוס ניט געקראָכן.
און אָפן, מיט ווייטע, ברייטע האָריזאָנטן
האָט זיך געשפּילט דיין זעכצנשטאָקיגער בן־יחיד,
און וואָלט נאָך איצט מסתם אַזוי געשפּילט זיך,
ווען ניט דער גרויסער און אַלמעכטיקער „פערד־מאָטאָר".

.2

בלויז איבער נאַכט, איך קוק דיך אָן, דעטראָיט,
זינט ווען מען האָט דיר איינגעפלאַנצט די מאָטאָר־דריזן,
ווי דורך־און־דורך פאַראַנדערשט ביסט געוואָרן;
הויך, הויך און העכער
צעשפּרייטן זיך די דעכער
פון דיינע הימל־קראַצערס און קוביסטישע האָטעלן.
ווי בינען שמייען אום אַגענטן מיט די בייכיקע פאָרטפעלן
אויף דיינע סקווערן, וואו ערשט נעכטן האָבן פאַרמער־פערד
געכראָמשקעט האָבער הילכיק, טרייבנדיק די פליגן מיט די
וויידלען, —

איצט שטייען אויטאָס ברוסטיקע פאַר דיינע געסט טוריסטן
מיט דינער, וועגווייזער און אויסשרייער פון דיינע וואונדער.
און ס'שיטן זיך מיליאָנען דורך מעגאַפאָנען.
דיין קונסט־מוזיי, דיין ביבליאָטעק, דיין אינזל־פּאַרק —
אין דאָלערס אָפּגעשאַצט אַזויפיל און אַזויפיל.
די געסט דורך גאַסן דורכגעשוועבט פאַרביי די פוסטע טראָטוארן.
בלויז אויטאָס, אויטאָס, אויטאָס יאָגן, איבעריאָגן

און לאָזן הינטער זיך אַ טשאַד פון רויך און גאַזן.
דערנאָך פאַרנעמסטו דיינע געסט דאָס בעסטע זיי באַווייזן:
דעם אורשפּרונג פון דיין וואוקס און שוואונג, דיין גרויסן נאָמען,
דיין שטאָלץ און גלאַק, וואָס זשומט און ברומט,
ליגט אַלע וועלטן איין, —
דיין שיין —
„פאָרד-מאָטאָר".

.3

ווען דאַנטע וואָלט איצטער, ביים טויער פון פאָרד'ן,
באַשריבן דעם גיהנום,
ער וואָלט אים גאַנץ אַנדערש געמאָלן.
ער וואָלט דאָ אין פינצטערע וועלדער ניט בלאָנדזשען,
דעם רוימישן דיכטער געווים ניט באַגעגנט.
פאַר זיך אַ מאָדערנעם דערזען וואָלט ער געגנט;
פינף קוימנס — גיגאַנטן
אין ערנסט געשפּאַנטן,
ווי פּאַזשן זיי האַלטן
אין גלי-ליכט אין קאַלטן
פיר אותיות געצונדן,
אין דראָטן געבונדן,
ווי וועלפישע אויגן אין שטעכיגן גלי:
אַן „עף" און אַן „אָ", אַן „אַר" און אַ „די".

פרימאָרגנס, בייטאָגן, אין נאַכטיקע שעה'ן,
ער וואָלט געזען מענטשן אין מחנות ווי קראָען.
זיי שטראָמען און פלייצן צו מאָנסטער-געביידן —
אַן שיפלעך, אַן טרייבער, — פאָרד'ס גיהנום-גן-עדן.
און אפשר, ער וואָלט דאָ זיין ליבסטע געפינען
מיט פליגלען צעהאַקטע אַרום די מאַשינען.

דו, געטלעכער דאַנטע! דיך וואָלט דאָ אויפנעמען
אַ פירער אַן אַלטער, מיט האַלב-בלינדע אויגן,
און דו, גלייך מיט אַלע, נאָך אים וואָלסט געצויגן
אין ריי אויסגעמישט און פאַרווישט צווישן נעמען.

...אַט גיט דיר אַ זעץ מיטאַמאָל אין דיין פּנים
אַ שטאָלענער אָטעם אויף יענער זייט שוועלן;
די האַמערס און זעגן, די עגבערס און שערן,
די קראַנען, וואָס טראָגן, ווי שפּאַרבערס אין שנאָבלען,
די שטאָלענע טאָניקע שטאַבעס און פּלאַכטעס,
ווי הינדעלעך קליינע.
פאַנטאַנען פון פונקען און טייכן פון פייער,
און ס'ריטשען די רעדער און בייטשן די פּאַסן,
און ס'בויגן זיך שטאַנגען ווי דינינקע דראָטן,
און ס'ציען זיך באַנען און הורבען מעטאַלן,
און ס'גיסט זיך אַ מבול, אַ טייוולשער שאַלן,
געבראַזג און געפּידלער, און אַלץ אין איין לשון:
אַזויפיל טאָג-טעגלעך געשמידט און געגאָסן...
און מענטשן מיט ערדישע, פינסטערע גופים —
פּאַליאַקן און רוסן, און פינען און שוועדן,
כינעזער און שפּאַניער, יאַפּאַנער און אידן,
אין מייליקע שטומע שערענגעס,
פאַרקאַשערטע אַרבל און ברוסטן צעכראַשטשעט,
געזיכטער און אַרעמס אין אוילן אין ברודנע,
אין סאַזשע פאַרשמירטע. — צום שפּיל פון דעם אָרגל,
מוזיק פון מעטאַלן, באַוועגן זיך גלידער,
די זעלבע באַוועגונג, און אָבער און ווידער, —
אַ ו — ט אָ — מ אַ ט ן ! —
זעסט צענדליקער טויזנטער אָרעמס און נאַקנס,
און פּלייצעס געבויגן. סטאָליאַרעס, סליעסאַרעס,
רימאַרעס און שניידער, — אַ וועלט באַלמעלאָכעס,
אַ מיש-מאַש פון פעלקער, אַ בבל לשונות,
און ס'זשווזשען און הוזשען און גרילצן מאַשינען.
די ציגנער בלויז שווייגן.
און טרעפט זיך אַן אומגליק, — די קרייצן די רויטע,
און שוועסטער מיט בינטן, — זיי שטייען דאָ גרייטע.

.4

דעטראָיט, —
ווער זאָגט, דו ביסט אַ ממזר אַ געראָטענער? —

אין גרויען קוילן־קויט אַן איינגעטראָטענע
פֿאַרקויפֿסטו דיין רעשטל חן פֿאַרבליבענעם
פֿאַר „קאַלטן־קעש״.

די טעג פֿאַרפּויקסטו, פֿאַרליאַרעמסטו מיט רעקלאַמעס,
די אָוונטן און נעכט פֿאַרפּלייצטו מיט גוסן ליכטער,
און אין דעם מיטן ברען פֿון שפּיל דער שלאָף, אַן אומגעריכטער,
קומט אָן. די פֿאַלסטו צעוואָרפֿן. בלויז איבער ווייטע, קאַלטע ראַגן
צעברעקלטע חלומות עכאָן זיך אין אַ צעדרייטן יאָגן,
ווי גייסטער כּף־הקלע׳ניקעס אין בלייערנע פֿאַרטראָגן.

און אין אַ נאַכט, אַזאַ, אַן אויסגעליידיקטער,
„בעל־איל״, דיין שפּיגל־פּאַרק, אין וואַסערבעט אין קילן
ליגט אויסגעצויגן און לאָזט אין רו זיך וואוילגיין,
און טרוימט אודאי פֿון די טעג אַמאָליקע ;
פֿון בראַוון „פֿאַנטיאַק״ און זיינע טשיפּטיינס, העלדישע געהילפֿן,
פֿון קריגער אויסגעפּוצט אין פֿעדערן און נאַקעט ביז די לענדן,
פֿון טאָמאַהאָקס און סקאַלפּ־מעסערס און אַנגע׳סמ׳טע פֿיילן,
פֿון טעניץ עקזאָטישע געטאַנצט אין קרייזן, רונד־אַרום דעם פֿייער.
פֿון „שלום־ליולקע״, ווען ס׳איז שווייגנדיק פֿון ליפּ צו ליפּ געגאַנגען,
צי פֿון „מלחמה־גאַרטל״, ווי סומנערהייד ער איז אויף ברוינע הענט
געהאַנגען,
הו — הו — הו — הו ! שוין מער ניטאָ דער עכאָ־שאָל
פֿון צייטן אָפּגעטופּעטע. די ברוין־רויט־הויטיקע פֿאַרפֿאַקט
אין פּלעצער אָפּגעזונדערטע.
אויף דעם „בעל־איל״ איצט שטייען אָנגעצונדן,
די עכט־סאָלידע, קיילעכדיקע לאָמפּן
און ס׳ציט זיך אַ געפּלאָסטער פֿון אַספּאַלטן,
און איבער דיר אין יום־טוב טעג צעשאָלטע,
אַ רעדער־רודעריי און אויטאָ־טרובעריי, צעפּאַסעוועט דיין קאַרק
און רוקן, —
אָ — אַך ! די רויב־פֿויגל ! אַפּריער פֿייניקן און דערנאָך פֿאַרצוקן. —
הו — הו — הו ! —
ס׳איז ניט דיין עכאָ־שאָל אַמאָליקער, „בעל־איל״, —
דאָס רעוועסטו, דעטראָיט.

.5

און איצט, —
דו ביסט שוין גרויס־דעטראָיט. מיט לייטן גלייך.
און ווי דיין קורצער, ברייטער טייך
נאָך גרויסע, שווערע שלאַקסן רעגנס, —
דו בלאָזט זיך אָן, ווען דו באַגעגנסט
אין דיינע שטאָל־באַפּאַנצערטע טעמפּלען־באַנקען
די קונדן גיריקע, וואָס בוקן זיך און דאַנקען,
און לייגן איין ביי דיר די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס.
און אין דיין „שטאָט־אַראָפּ״ עס זעצט דיין הארץ, ממשות,
ווי אַ שיקאַגאָ פּראַלט,
צי אפשר, ווי ניו יאָרק שוין באַלד;
אין קויף־פאַרקויף ווירוואַר,
אין שאַר־אַריין, פאַרשאַר,
אין שטופּ־און־צופּ געטראַף,
אין בײַס־און־רייס געלאַף, —
ווען ס׳פּאַלט אַריין צו דיר אין שלונג אַ פרעמדער, צי אַ ברודער,
איז — האם! — און מאַכסט ניט קיין געריודער.
אָהאָי! באַזוכער חשוב׳ע! — איר קייט אייך גאָם און שטוינט,
און וואונדערט,
אַ קעסל־גרוב איז גרויס־דעטראָיט אָצונדערט!
אָרמייען גאַנצע קנוילן זיך ווי ווערים אין די זומפּן,
און קעפּ און אַקסלען טוקען זיך, ווי שוים אין קלומפּנס.
און ווען די נאַכט קומט אָן, קילט אָפּ די בלוטן,
דאַן צינדן זיך די צלמים אָן, ווי לויט סטאַטוטן,
און לאַדן בעטער איין רחמנות׳דיק צום בידנעם גאָט,
וואָס מוז אין נויט פאַרלאָזן זיך אויף יעדערנס באַראָט.

אָהאָי! דו וואודוואַרד עוועניו! —
דיין פיבערדיקער פולס זעצט בראַנדיק היים, ווי לאַווע פון וואולקאַנען,
צעגאָסן ימים־ליכט פון שילדן — קאַראַוואַנען,
און דזשעז־געפּויק און בום־געטופּ פון פענסטער אויסגעלאָדן,
און אויגן רופן שטומערהייד דורך האַלב־פאַרמאַכטע לאָדן, —
און דיינס אַ הייליקייט שטרעקט נעבעכדיק די טורעמדיקע שפּיצן

צו דיינע שלאַנקע „הימלשיסער”, אַנגעוואָרפענע ווי בליצן;
און ערגעץ אַן אַ זייט שטייט דיינס אַ רעזידענץ אַן אַלטער
אַזש ביז׳ן האַלדז פאַרקלעמט אַהינטער קלייטן קאַלטע.

.6

דעטראָיט, —
דיין הייסטינגס ווי אַ בינשטאָק רוישט. נישטמער, די ענגע,
ברודנע געטאָ
האָט אויסגעטווישט אויף נעגער־באַס די אידישע „פּאַלצעטאָ”.
דאָ קריגט מען אַלץ, פון וואָס אַ מויל קען ריידן,
דאָ זעט מען אַלץ, דאָ הערט מען אַלץ, און דוקא ניט באַשיידן.
דאָ טיילט מען בלעטלעך אויס, אַז קריגסט פון כל־המינים:
אי גשמיות, אי רוחניות, און אַלץ בחצי־חינם.
אַ בלינדער יונג און שוואַרץ ווי קויל אין ברוסטגעזאַנג פאַרגייט זיך:
אַ לויב דיר, גאָט! אַ דאַנק דיר, גאָט! און שטרעקט די האַנט,
פאַרשטייט זיך.
אַ פאָנאָגראַף זינגט שטיפעריש: „מיר האָבן היינט ניט קיין באַנאַנעס”
און לעבן אים אַ חזן קרעכצט: „אוי, אלי, אלי!” מיט אַזאַ רחמנות.
אַ נעגער אין אַ ווייסן מיץ פאַרקויפט „טאַמאַלעס” מיט אַ ניגון,
און מיט אַ פלעדערוויש אין האַנט, ער טרייבט פון זיך די פליגן.
און אַ משומד אויף אַ ראָג, אין אַ געזעמל־רייף אַרומגענומען,
באַווייזט מיט פסוקים פון תנ״ך, אַז דער משיח ז׳שוין געקומען.
און רעסטאָראַנען כשר׳ע, און חלה־בעקערייען,
וואו ס׳קומען אידן שמאַלציקע אַביסל אויפ׳ן דיל צו שפייען.

דעטראָיט, —
קאָסמאָפּאָליטישער יאַריד —
געשלעג, און רויבערייַ, און מאָרדן, ווי אין די גרויסע שטעט.
דער ליאַרם, אַז ביי פאָרד׳ן הערשט אויף אַלץ אַ זעט,
מאַגנעטיש ציט.
אַן אַנפלי פון אַ היישעריק אויף זיין מאַרשרוט,
וואָס לאָזט זיך פיטערן אויף יענעמס האָב־און־גוטס,
צי אַרט אים בוים? צי אַרט אים בלאָט?
אַבי ער פרעסט זיך אָן צו זאָט, —
איז מעג נאָך אים אַ מבול זיין,

ער טוט זיך זיינס, —
דיין ערב־רב אַזוי.

דיין אַרבעט־פֿאָלק ווי פרעמדע שרויפן אין מאַשין,
ס'איז ניט אַהער און ניט אַהין.
פון שאַפ אַרויס, פליט יעדער צו זיין ווינקלפֿייער,
און גריזשעט סקאַרינקע, און גלעט זיין האַרטן דרייער;
אין בונדן איינגעקניפט און איינגעשמידט אין רינגען,
וואָס ווערן פון אַ טשעפּ, אַ בלאָז, ווי רויך צעשפּרונגען,
און קרישלדיק און ברעקלדיק, מיט בייזן, צי מיט גוטן,
עס ווערט געפירט אין בלינדן־בלאָנדזש אויף טויזנטער מאַרשרוטן,
אַ, הייסטינגס־גאַס! אין הינטערהויף, אין קויט און שוואַרצער הויט,
מיט ליבשאַפט קעכלט דיך דיין מאַמע „גרויס־דעטראָיט".

.7

דעטראָיט, —
ברייטפּלייציקע אכסניה, אויף אַלע טיר־און־טויער אָפן, —
אויף האַרטע, קאַלטע בענק איך בין געשלאָפן
ביי דיר אין נעכט פאַרפינצטערטע. איך האָב געצאָלט דיר צינזן
פאַר יעדן ביסן ברויט, פאַר יעדער לעפל לינדזן.
אַזויפיל מאָל אויף דיינע בייטן,
די אויסגעטאָפּטשעטע, געהאַלפן פלאַנצן קווייטן.
דיין קראַפּעווע, די איינגעדעמפטע אין די פּאַרד־געווירצן,
איז ברי‌אַיק־הֿיים און ניט געלאָזן זיך צו קירצן.

אַהאַי! דו קרעטשמע־הויף, —
וואו ס'פּאַרשקען פערד אין אָנגעפילטע זעק מיט האָבער;
דו מאַרק פון אויטאָס אַלערהאַנט,—דו וואָדעוויל צענויפגעשטשאָכעט
איז ברי‌אַיק־הֿיים און ניט געלאָזט זיך קירצן,
פון דיינע פּיראַמידן
צומאָל באַטראַכט איך דיך, זאַפ איין דיין דומפן רוישן,
און זע ווי ס'הורבעט זיך אין דיינע טיפע קוישן
אַ שלל פון אַלדאַסגוטס פאַר קומענדיקע, אַנדערע צייטן, —
ניט לעסטערונג, נאָר אַ געזאַנג אַ ווייטן
איך זינג צו דיר.

בלויז אין דער נידער, ביי דיין טיר,
אין פירהויז צו דיין פאַרדישן גן־עדן,
וואו קיין צעמענט
האָט ניט געקענט
צונויפקלעפּן אונזביידן, —
נאָך צאַפּלט זיך אין דיינע ציין אַ שטיק ארויסגעריסן פון מיין לעבן,
און דיין געשאַנק, וואָס רייסט אין שטיקער מיינע נערוו־געוועבן.

(1925-1926)

# אַלבאַני...

(רייזע פאַרצייכענונג)

ביסטו ניו־יאָרק'ס אַ קינד? —
דו האָסט ביים שיינעם האָדסאָן זיך צעלייגט,
איז וויניק דיר איין ברעג געווען, —
האָסטו דיין אָרעם, קויטיק, שוואַרץ,
צום צווייטן ברעג פאַרוואָרפן
און קופּעס הייזלעך אויסגעשאָטן
אויף געסלעך קרום צעטראָטן.

ביינאַכט דו לאָזט זיך אויף שפּאַציר ארוים
און קוועלסט פון דיינע גרויסע לאָמפּן,
פון שטראָמען ווייסע ליכטער אַלערליי,
וואָס טאַנצן אויף די שילדן
אין אַ טאַנץ אַ ווילדן, —
אַ נאָכקרים פון „בראָדוועי"...

קומסט אינדערפרי, —
טוסט זיך אָן אין פראַק און אין צילינדער
און זעצסט אַוועק זיך אויבנאָן, —
און גרוים־ניו־יאָרק,
מיט ביידע אויערן צו דיר,
שטייט ביי דיין טיר...

ביסטו ניו־יאָרק׳ס צעפּעשטשעטע קינד
און גיט דיר נאָך די קאַפּריזן בלינד; —
צי אפשר גאָר די הענט דיר בינדט? — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

(1921)

# שיקאַגאָ

(סאָנעט — לייענענדיק ק. סאַנדבערג׳ן)

וועלט־קצב! דיינע יאַטקעס האָבן אַלע מערק פאַרפּלייצט.
בראַזג פון באַנען, פייף פון שיפן, — אַזש צום ווערן טויב.
תבואה־הענדלער און הוליאַקע! יונגע פרייד פאַרשפּרייטסט,
ווען פון בירזשע צו די שענקען טראָגסט דיין חלק רויב.

אַלדאָסגוטס אין דיינע שפּייכלערס; קאַסעס־גאָלד פון שטאָל
און שטיין.
מאַרכיק דיינע ריפּן; ס׳שפּאַרט דיין פּעטס פון אונטער הויט.
שקלאַפן־טרייבער! רוי דו רייסט און פרעסט דאָס פלייש פון ביין; —
און דיין הימל רעגנט האַרטן זאַמד און קויל, ווי שרויט.

פייער־שפּייער! פון דיין קראַטער שיסט מיט לאַווא־גלוט.
ווי אָקטאָפּוס זויגסט מיט טויזנט מיילער אויס דאָס בלוט;
און דער פאַנג קומט גרינג אָן, שטראָמט אַריין צו דיר אין קלעם.
ביסט ברוטאַל און וואָוילער יונג, און ברוסטיק לאַכסט אַרויס,
ווען דיין קרבן זינקט צום גרונט פון דיין זעץ און שטויס;
און דו גרויסט זיך, רימסט זיך מיט דיין ברודיקן פּאַרנעם...

(1924)

# פּיטסבורג...

(רייזע פאַרצייכענונג)

נו, איך, אַ דורכפאָרער, פאַרוויילן
אויף טעג געציילטע אָפּגעשטעלט זיך;
און דו, אַ שטאָט אויף שווערע מיילן,

אין גרויען פעלז אַן אַנגעפּעלצטע.
די בריסט און נאַפּלען אַנגעשפּיצטע אין דער הויך, —
די פּיס אין אָפּגרונט און פאַרדעקט מיט רויך.

פון וואַשינגטאָן דײַן בארג, נו, לאָמיר זיך באַקאָנען,
און דײַנע וועלדער־קוימענס לאָמיר איבערציילן;
פאַרוואָס־זשע רעוועסטו מיר גלײַך אין פּנים
און בילסט, ווי צערבער פון די הײלן? —
אָ, וועלט־קאַוואַדלע דו! אויף דײַנע טײַכן דרײַ
די האָר האָט ניט געקעמט קיין „לאָרעלײַ".

און ניט קיין טרוימער־יונג האָט דאָ געשיפט זיך
מיט זיסע ליבע־זיפצן. —
פון צײַט אוראַלטער גערויכערט האָט דײַן טאָל,
געגרײַט דעם אײַזן פאַר׳ן שטאָל,
ביז דער פאַרכאַפּער איז געקומען
און האָט דיך האַק־און־פּאַק פאַרנומען.
איצט הענגט דײַן בריק־געוועב, אַ שוואַרצע נעץ,
און ס׳טרייסלט זיך דײַן בארג פון האַמער־זעץ.

און זויבער, ווי אַ נאָנע, שטייט דײַן שפּײַז־פאַבריק
אַרומגערינגלט מיט די לאָנקעס גרינע,
און טיילט אַ לעק, אַ שמעק צו די באַזוכער אויס
און זינגט אַ לויב־געזאַנג צו 57 מינים;
איך וואונדער זיך: — דײַן אַרבעט־פאָלק פון אַלע פאַכן,
פאַרוואָס ער פרייט זיך ניט פון אָט די גוטע זאַכן? . . .

(1927)

## דענווער

די שטאָט — אַ קעסלגרוב,
וואָס ניט עס זידט און ניט עס קאָכט,
נאָר הענגט נאָך אויף די קייטן פון די בערג
שוין צוגעזשאַווערט און פאַרמאַכט;

און טראָגט נאָך די סימנים פון פייערן צעלייגט,
פון קופעס אַש, פון שטעטעלעך פאַרלאָזט;
די „גאָלדן־סיטי" פון אַמאָל
האָט ניט באַצאָלט פון שווערער מי דעם קאָסט.

נאָר אין דעם רינג פון באַרגנקייט
מאַיסטעטיש דענווער האַלט פּאָסאָן;
אַרום, די ריזן אין פּאַרוקן־שניי,
ווי פּאַזשן שטייען פאַר איר טראָן;
און גלאַנציק קוקט אַראָפּ פון „קעפּיטאָל"
איר גאָלדענער קופּאָל,
און דורך דער רונדער שויב,
ווי אַ מאָנאָקאָל אויפ'ן אויג,
אַ וואַכזאַמקייט, אַ שטילע, ווי אַ טויב,
נאָר גרייט אַ שפּרונג טאָן, ווי אַ בייזע צויג...

פונאונטן, דער קאַטעדראַל, די געלט־פאַבריק,
דער קונסט־מוזעי און גריכישער אַנטיק;
פונאויבן — אַ הימל לויטער־בלוי,
און דין און ריין די לופט, —
און שאַרף, און שניידנדיק אין ערשטן מאָרגנגרוי
איז דער געפּייף, וואָס צו די מינען רופט.

און ס'טראָגט זיך נאָכאַנאַנד דער הוסט
פון אויסגעצערטן לונג און ברוסט,
גייט נאָך די טריט פון האָרעפּאַשנע פיס,
פון פעלקער, ראַסן אַ געמיש;
און האַרט ביים וועג, אַהינטער גראַטע־צאַם,
אין זון פון מאָרגנרויט, אין שיין פון אָוונט־פלאַם,
אויף ברענענדיקן, הייסן בלאַט —
האַלט זיין צוואה דוד עדעלשטאַט.

(1927)

# סקאַטסבאָראָ

.1

סקאַטסבאָראָ —
לינטש-דזשורי, לינטש-געריכט, לינטש-אורטייל,
גאוה פּריצישע, וואַנזיניקע,
ווייס קיין אָפּשטעל ניט.
באַסישע גערעכטיקייט
טראָגט אַ שטריק אין האַנט,
גאַזאָלין אַ קאַן,
הענגט נאָר אויף און ברענט,
און אַנטלויפט דערנאָך
הינטערוועגס אַרום...
סקאַטסבאָראָ —
זינג הומאַניטעט,
פריידיק ליבע געטלעכע,
דרום-לאַנד וואַרעמע,
לינדע-לאַנד בלוטיקע.
לעידים נאָר און דזשענטלמען...
„ניגער", הער דעם לינטש-געזאַנג:
„גוטע ניגערס" פאָלגן שטום,
שלעכטע ניגערס ברענגט מען אום,
לינטש-געזעץ...
לינטש, המון!
לינטש, לינטש,
ל-י-נ-ט-ש.

.2

אַלאַבאַמאַ, זייל פון פאַלשער דעמאָקראַטיע,
רוקנביין פון לינטשערייִ און שוואַרצע מאָרדן, —
דיינע דרום שוועסטער-שטאַטן
סאַלוטירן דיינע לאָרדן.

שוין פון שטרענגען מזרח ביז צום מערב מילדן
ציט זיך רייִ פון תליות. שייטער-הויפנס סמאַליען,

בראַטן נעגער־לייבער; ווילד און ווילדער
שפּרייט זיך לינטשער׳ס וואַקכאַנאַליע.

אויפגערייצטער „מאַב״ פון ווייסע פּריצים...
שוין צום ערשטן לינטש־אַקט גרייט איז שוואַרצער אָפּער.
וויל אַ לינטשער כאַטש אַ גליד באַזיצן
פון געלינטשטן; דאָס איז מזל׳דיק... און אָפן

שניידט ער אָפּ אַ לעבעדיקן נעגער־אויער,
מיט׳ן פרישן בלוט צו זיך אין טאַש באַהאַלט ער, —
אַלאַבאַמאַ, ביסט פון שטאָל אַ מויער
פאַר די לינטשער אין רציחה קאַלטער.

סקאַטסבאָראַ, אַ נישטיק פּינטל אויף דער מאַפּע,
שטייסט מיט באַסטאַן אויף איין ברעטל,
ס׳טיילט גערעכטיקייט די מערדער־לאַפּע
פאַר׳ן נעגער, ווי פאַר סאַקאָ־און־וואַנזעטי.

שטריק און האַק, און שייטערס, אומעטום אַלץ איינע.
בלוטזויגער וויל קריוודעס האַרעפּאַשנע שליכטן...
אַלאַבאַמאַ אויף די נעגער־ביינער
שרייבט איר שוואַרצן בלאַט געשיכטע.

.3

אין טויטנהויז פון קילבי־פּריזאָן,
אין צעלן הינטער גראַטעס, נעצן דיקע,
איך זע אייך, נעגער־אינגלעך, ווידער
פאַרשפּאַרטע פון די ווייסע אונטערדריקער.

אין פּנים גלאַצט די שוואַרצע טיר פון אייזן,
און טריט געציילטע צום עלעקטריש־ביינקל.
געזען ניט איינמאָל האָט איר, קינדער,
ווי מ׳פירט צום „שטול״ די „ניגערס״ אָן אַ קווינקל.

איר האָט געשמעקט פון ברודער־פלייש דעם פריקרן ריח,
די סמאַלינעס פון מענטשן־לייב געברענטן,
ווען טונקל ווערט דאָס הויז־באַלייכטונג,
ווי ס׳וואָלטן לעמפּלעך זיך דערפילט פאַרשעמטע.

נאָר ניט פאַרשעמט בלייבט ער, דער ספּאָרט פון דרום,
דער שיצער פון דער „ווייסער־פרוי״, איר ערע,
ווען פון זיין „קאַטן־מיל״ צו פּראָסטיטוציע
זי ווערט געשטויסן פון זיין האַנט אָן שטערונג.

איז הערט אונז אויס, איר נעגער־אינגלעך:
איר זיינט שוין לאַנג אַ טייל פון אונז געוואָרן.
און אונזער ציטער איז דער ציטער פון וואולקאַנען,
ווי לאַווע קאָכיקע צעלייגט זיך אונזער צאָרן.

עס זאָל קיין צווייפל ניט אין אייער האַרץ פאַרשלייכן.
פאַר אייך, מיט אייך, מיר איינס אין קאַמף אַנטשיידן
מיר וועלן גיין מיט אייך ביז סקאָטסבאָראָ,
ווען פון באַפרייאונג ריידן...

(1933)

## סאַן - פראַנסיסקאָ

.1

עמבאַרקאַדעראָ —
דער וואַסער־פראָנט פון סאַן־פראַנציסקאָ.
אַ רינג אַ שטאָלענער לענג־אויס די האַפנס
ביים טויער גאָלדענעם צו דעם פּאַסיפיק.
וואַנקוּאווער, צי סיאַטל; טאַקאָמאַ, צי סאַן־פּידראָ —
אַרויסטריט שלאָגט די כוואַליעס זיינע אָפּ
ביים ברעג פון וואַסער־פראָנט אין „פריסקאָ״.

אַרמיי פון „לאָנגשאָרמען״ אין אַ געהויד, אַ שטורעם,
פאַר רעכט און ברויט אין קאַמפן און אין שלאַכטן.
אַן אָקעאַן צעברויזטער ווערט עמבאַרקאַדעראָ,
אַזש „נאָב־היל״ ציטערט אויף אין אַלע זיינע הויכן.

און די „פּרעזידיאָ״ צעפּויקט זיך אין טרעוואָגע,
און צילט אויף אָט־די „אויפשטענדלער״ די ביקסן...
אַ! וויפיל בלוט פון אָפּגעהאַקטע לעבנס

אַט דאָ האָט זיך געגאָסן...
די שיף־מאַגנאַטן קאַרגן ניט, און בליי און פייער, —
אַן אויסגוס שטענדיק אַנגעגרייטער;
נאָר ניט געשפּאָלטן איז דער רינג, דער שטאָלענער,
די אויסגעשמידטע פעסטונג אייזערנע
פון מיליטאַנטן־לאָנגשאָרמען —
עמבאַרקאַדעראָ.

.2

פון טורעם־אָבעליסק זעט אויס דער „אַלקאַטראַז"
אַ בלומען־טאָפּ אויף שווים פון שפּיגל.
די גאַסן לויפן באַרג אַראָפּ און שלעפּן נאָך
נאָך זיך פון אָרעמשאַפט דעם זיגל.

געוויג פון נעץ־געוועב, די ניי־געבויטע,
די וואונדערלעכע, גראַנדיעזע בריקן
אַריבער „בעי" אויף מיילן ווייט צעגאָסן.

אין זוד, אין שרויף־געשמעלץ פון שטאַנג צו שטאַנג
שוין וויפל לעבנס אויסגעלאָשן?...

נאָר שיין דו ביסט, ברוטאַלע סאַן־פראַנציסקאָ,
אין זונענשיין און אין נעפּל דיקן;
און פון דיין האַרעפּאַשנעם רוקנביין
די ריפּן אָנגעזאַפּט מיט מאַרך און קראַפט,
וואָס וועלן פּאַס און שטריק פאַרצויגענע,
ווי שפּינוועבס נישטיגן צעפליקן...

עמבאַרקאַדעראָ — גאַס פון וואַסער־פראָנט; פּריסקאָ — צונאָמען פון סאַן־פראַנציסקאָ; לאָנגשאָרמען — האַפן־אַרבעטער; נאָבהיל — קוואַרטאַל פון די רייכע; פּרעזידיאָ — מיליטערישער פּלאַץ; אַלקאַטראַז — אַן אינזל־תפיסה.

# מאַרקעט סטריט אין סאַן-פראַנסיסקאָ

.1

גאָלדן שוועל ביים גאָלדן טויער,
קאַרניוואַל פון שפּיל אַזאַרטנער;
פון געבורט אַ ריז געמויערט
אונטער סווישטש פון ביימש צעקנאַלטער.

אויסגעהאַמערט אויף קאָוואַדלע
אין אַ גבורה איינגעפּרעסטער,
און אין שענקען מיט אַ גדלות
הייסן אַטעם אָפּצולעשן.

שטאָם פון „פריסקאָ״האַרעפּאַשנער,
בונטער קנויפּ פון ראַסן, פעלקער;
און אַ פעלד פון זאַטער פּאַשע
פאַר די צאַפּער און די מעלקער.

זונשיין, נעפּל, רויטע ווינטן —
שטענדיק אויפגעלייגט, צעכראַסטעט.
„אַטאַ-באַי״! און טרעפט אין פינטל
פון דעם שיף-דעק צו די מאַסטן.

אין געשטוים אַ וואַלד פון קנאַפּל,
שיך לאַקירטע און שטיוואַליעס;
ביז אַראָפּ — אַ פאַל צום האַפן,
און דעם שטערן אין די כוואַליעס...

מיט די פיס צום „סיוויק-סענטער״,
און אַ בריקע אין די ריפּן...
שטייף אין האַנט אַ נעץ פון פּענטעס, —
אַלע גאַסן אָנגעקניפּטע.

.2

דזשעק לאָנדאָן און טאָם מוני
אין קאַך פון שאַרפע קאַמפן ;
סימבאָלן העל געמאָלן, —
און מאַרקעט סטריט די קאַנווע.

דער גאַנג פון „מאַרטין אידען"
נאָך וויגט זיך אויף די ראָגן,
און טאָם אויף הענט פּראָצאָווע,
הויך ווי אַ פאָן געטראָגן.

אויף האַרטע קיזל-שטיינער
מאַרשירט אַרמיי מאַסאָווע,
און מאַרקעט סטריט צעקלונגען,
און ברוסטיק שטים באַסאָווע.

און ס'דוכט, אַ זיפּץ באַדויערט
דזשעקס פאַרקירצטע יאָרן ;
ווי וואָלט זיך אויסגעניכטערט
זיין „דזשאָן פון באַרליקאָרן" !

געשטאַלטן צוויי פאַרוועבטע,
ווי גייסט און גוף צוזאַמען ;
דזשעק לאָנדאָן און טאָם מוני, —
און מאַרקעט סטריט די מאַמע.

.3

ווי רייך איז מאַרקעט סטריט ? —
זאָל „סיוויק-סענטער" זאָגן :
נאָר דער קופּאָל פון „סיטי האָל"
קאָן שאלות ניט פאַרטראָגן.

שווערלייביק, און דער אָטעם קורץ,
קאַמזויל אויף בויך צעפּראַלט איז ;

זיין אָקסן־קאָפּ גייט כּאַדאָראָם,
קאָן גאָס אין צוים ניט האַלטן.

ווי אָרעם איז מאַרקעט סטריט? —
זאָל וואַסער־ברעג דערציילן;
נאָר טורעם שטייט פאַרהאַקט און בייז,
פאַרשטעלט די טוכלע הײלן.

מיט שטאַרקן קוק צום גאָס געווענדט,
אַ וועכטער אויף זיין פּאָסטן;
וואָס גייט אים אָן וועד ס׳ווערט פאַרצערט,
צי לעבנס אָפּגעקאָסט שוין?...

ווי שטאַרק איז מאַרקעט סטריט? —
זאָל מי־געזינד דערקלערן;
די טעכטער שפּאַנען מיט די זין
אין גרוים פאַרמעסט אויף בערן.

הער: שטאַליק טראַט, זע: אויג צעגלאַנצט,
ווי קאָסעם ביי די שניטער! —
אויף קני דער טורעם און קופּאָל
אויף מאַרקעט סטריט צעזידטער...

(1938)

# לאָס-אַנגעלעס

(פּאָעמע)

.1

לאָס־אַנגעלעס, צעוואָרפענע, צעשפּרייטע,
אויף מדבר זאַמדיקן — אַ פּערל־פּאַנאָראַמע!
געוועזן איז ערב פּרילינג, ווען ווי אַ יונגע דאַמע
האָסט מיך באַגעגנט מיט אַ בוקעט פון קווייטן;
און איך, באַצויבערט פון דיין שיינקייט ראַשער,
האָב זיך געלאָזן וואוילגיין, ווי אַ קינד — אַ נאַשער.

די טעג צעפלאַטערטע, ווי פייגל אין די רוימען;
די נעכט צעשפרייט אויף טעפּיכער פון טרוימען,
און ס'האָט דער ציטרוס-צוויט אויף דיר געאָטעמט
און זיין פּאַרפיום אין דיינע גלידער איינגעקנאָטן;
און דיין „דאון-טאון" האָט זיך נאָך דאַן פאַרגונען
צו זיין באַזעצט מיט פּאַלמען און מיט בלומען.

האָסט צייט געהאַט געגוג פאַר אַרבעט אין „סיעסטא",*)
און סאַן-פראַנציסקאָ פיינט געהאַט פאַר אירע יוניאָן-נעסטן;
געגרויסט זיך מיט דיין „אָפּן-שאָפּ", געוואַרט אויף אונטערנעמער,
וואָס זאָלן פאַרשוס געבן דיר און זייער אָנערקענונג;
דיין נאָמען צאַרט באַטאָנט: „לאָס-אַנגעלעס", די „ענגלען"...
אַ שטאָט מיט גוסט, מיט סטיל און חנ'עווריקע געגגלעך.

די „סאַנס"*) און „סאַנטאָס"**) האָסט צונויפגעפּאָרט מיט נעמען
פון מערק און גאַסן, און קיינעם ניט געלאָזט פאַרשעמען;
געלאָזן זיי זיך פּיטערן אויף וואָס זיי קאָנען קריגן, —
און אויפ'ן רייטוואָגן פון רום דו ביסט געשטיגן.
דיין הייליקייט, דיין ערדישקייט געזונגען סערענאַדעס
צו דיר, די „עלדאָראַדאָ"...

.2

די יאָרן שטייען ניט; זיי לויפן נאָך דער צייט נאָך
און אויפ'ן וועג לאָס-אַנגעלעס פאַרנומען;
די קערנער ישוב אין זאַק פון שטאָט אַריינגעשאָטן,
פאַרבונדן מיט טראַמווייען און אָמניבוסן,
און זשמעניעס זריעה אויפ'ן ווינט געלאָזן:
פאַרזייט זיך, וואו דער ווינט וועט בלאָזן,
אויף האָרב פון באַרג, אין שפּאַלט פון פעלז,
צי הענגט זיך אָן אויף גלייכע ווענט,
און פּרוכפּערט זיך, וואו נאָר איר קענט.

*) סיעסטא — נאָכמיטג רו
**) סאַן, סאַנטאָ — הייליקע.

איך קוק אויף דיר, לאָס-אַנגעלעס, און האָב דיך ניט דערקענט;
מקוים איז דיין וואונטש, צעשפּאַרסט שוין דיינע ווענט, —
אַ מעטראָפּאָליעביים פּאַסיפיק,
און קאָכעדיק און פּיפּיק
דו שמייעסט אום צעטראָגן
אין שפּעטקייט פון די נעכט און אין פאַרטאָגן;
און יוניאָנס שוין ביי דיר זיך אויך באַוויזן
און שטעכן דיר אין זייט, ווי שפּיזן;
די שנאה נאָר צו סאַן-פראַנציסקאָ איז פאַרבליבן,
און טראָגסט זי, ווי אַ געבאָט פאַרשריבן.

דיין וואַסערלאָזער טייך איז ניט אַ האָר געביטן;
ניט אַלע מאָל געגנוג פאַר הינער זיך צו באָדן.
די בריקן איבער אים, געצויגענע ווי שנורן,
דערמאָנען אָן אַ טייך, (גיי, זוך די שפּורן) —
וואָס אויב ניט היינט, איז קומען וועט ער שפּעטער, —
זיי מוחל און ווארט-צו אויף רעגנדיקן וועטער.

נאָר האָליוואוד, דיין שאָץ און שפּיגל,
איז הויך אויף טרעפּ פון צייט געשטיגן
און איז ניט מער אין זיך פאַרריגלט;
און ווען די מאָרגן-לופט איז אויסגעלייטערט,
דער ווילסאָן-באַרג פאַרנויגט זיך פון דער ווייטנס
מיט זיינע ווייסע טורעמלעך, וואָס רייטן,
ווי קליינע שטיפערס, אויף זיין פעסטן רוקן
און דורך שפּאַקטיוון ווייט אין הימל קוקן.

עס וועקט זיך אויף די פּאַנאָראַמע-שטאָט,
וואַשט אויס מיט טוי די אויגן,
באַטראַכט די קוימענס פון פאַבריקן,
די אייזנבאַנען און די געזעצטע בריקן,
די אויל-פעלדער, די פּאָמפּעס און די קראַנען,
וואָס זעען שפּילצייג אויס פון דאַנען...

.3

לאָס-אַנגעלעס, מיין היים-שטאָט אויף אַ ווייַלע,
און צוגעקייטלט זיך צו דיינע זיילן
פון אידישן „באַיל-האיטס" דעם געגנט, —
און זיך מיט פרייד געלאָזט אויף דיינע וועגן...
דיין האַרץ-קלאַפּ און דיין אָטעם
אין שוואונג פון מוט געראָטן...

דיין ברוקלין עוועניו איז פון איין שטיק,
ווי אויף אַ וואַסערפאַל אַ פעסטער בריק,
און פריש, און צאַפּלדיק באַשפּרינקלט;
ס'קומט אָפּפלוס, צופלוס יעדן טאָג אין וואָך,
און ס'לאָזט ניט אָנוואַקסן קיין מאָך
דיין לעבעדיקער לינקער ווינקל.

און פון דעם יוגנטלעכן שטראָם
צומאָל דיין מדבר טרינקט זיך אָן
און לאָזט אויף זיך אַ בלום זאָל בליען;
צומאָל דערגרייכט די „פּלאַזא", די מעקסיקאַנער געסל,
וואָס ציט זיך, ווי אַ העלדזל פון אַ פלעשל, —
צום גוס פון ליכט, ווען מאָרגן-זון שאַריעט...

.4

לאָס אַנגעלעס!
אין יענע טעג, אַמאָל, צוריק, —
ווען ס'האָט געוואַנדערט איבער דיר מיין בליק,
ווען „מעין-סטריט" איז געווען דיין רוקנביין;
דיין „פּלאַזא" האָט מסתם געשיינט
מיט זאָטע דזשענטל-לייט,
מיט סוחרים גיריקע,
מיט פערד און בריטשקעס גלאַנציקע;
און אויף די טישן די קריג מיט וויין.
פון ליולקע און ציגאַר אַ בלויער רויך
האָט זיך געשלענגלט אין דער הויך.

אין ווייכן אָונט, אויסגעשטערנט רייך,
ווען „מילך־וועג״ קוים באַמערקט איז, ווי דיין טייך, —
די פּלאַזאַ, אַ פאַרלאָזענע, האָט שאַרף געזעצט
מיט אַפּפאַל און גערוך פון לייטישן יאַריד,
געקוקט, ווי שטערנליכט דורך צווייגן רינט,
און איינצושלאָפן — מיד.

און היינט, דיין „פלאַזאַ״ בליט מיט אָרעמשאַפט,
מיט אָדערדיקע הענט פון שווערער מי;
און ס'זינגען אוים די ווייכע אָוונטן
פון האַרטן קאַמף דעם גלי.

צומאָל שלייכט דורך אַ מענטש פאַרצאָגט
און לייגט זיין אויער צו, און הערט זיך איין
צום וואַרים־האַרציקן געזאַנג;
הייבט אויף דעם קאָפּ און טרינקט זיך אָן
מיט קלאָרקייט אין געדאַנק.

די „פלאַזאַ״ היינט רעדט הויך אין הייסע טעג,
און אַ קאַפּיטל נייער ווערט אויף איר געשריבן.
דאָ רעדט דיין פאָלק, דאָ הערט דיין פאָלק,
און שמידט זיין גורל מיט דערפאָלג; —
באַיל־האַיט און האַליוואַוד די הענט זיך גיבן...

(1938)

# אונטערוועגנס

## כרמל

די קינסטלער־קאָלאָניע, „כרמל״ ביים פּאַסיפיק;
געביידעם — פּרעטענזיעס אויף אַלטע באַגריפן.
אַ האַרב אויף אַ הויקער, און פענצטער צום רומל,
און ס'וואַרענען קוימענם: שאַ־שאַ, ניט געטומלט...
און בענקלעך פון קלעצער מיט אַנלענם צעקרימטע,
און זאַמדיקער צודעק אויףביימער צעגרינטע.

ניט איינער אַ קינסטלער געלעבט דאָ, געשאַפן,
ניט איינער אַ דענקער אַהערצו אַנטרונען;
ווער ס'האָט דאָ געזוכט זיך אין רואיקן האַפן,
און ווער — ס'האָט דאָ קיינמאָל דעם „זיך" ניט געפונען.
און ס'שטייט אין געדאַנק אויף לינקאָלן סטעפּענס,
זיין לעצט וואָרט געזאָגט דאָ, און ניט צו פאַרגעסן.

אַליין מיט זיך שטיי איך ביים שוועל פון פּאַסיפיק.
די גרויפיקע פליאַזשן אין לויטערן גלימצער.
אַ שניי־ווייסער זעגל אויף שפּיגל געשליפן
אין וואָרעמען אַנבויג צום וויטן אַהינצו...

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ פּאַרק דאָ פּאַר אַפּרו אויף רחבות צעשפּרייטער
פאַר די, וואָס זיך מיען, אַ רו צוגעגרייטע!...

## ביזבי...

באַרג אַראָפּ פליט פּייל פון בויגן,
ס'שמייסט די היץ אין פּנים.
אין אַ שפּאַלט ליגט איינגעצויגן
ביזבי, אַריזאָנאַ.

שפּאַלט — אַ שמאָלער, אַ צעדרייטער,
און די בערג, ווי פּענטעס;
קופּער־מינען דאָ צעזייטע,
ביזבי איז דער צענטער.

גאַסן דראַפּן אויף די ווענט זיך,
הענגען אין דער לופטן.
זע, דאָס שמעלץ־הויז, ווי צעברענט זיך!
הער, סירענעס רופן...

מחנות מיינערס, גרוי ווי שטיינער,
און געקאָרבט די נאַקנס.

אויף און אָפּ דער קיי פון ציינער, —
טאַבאַק הינטער באַקן.

שפּאַרט זיך פון געשווייג אַ שטורעם
דורך פאַרשטייפטע הערדלזער:
מיר'ן אין אַ נייעם פורעם
ביזבי איבערשמעלצן!...

## די מאַיטי מיסיסיפּי

ניו־אָרלינס טראָגט דעם פוץ מיט חן,
טראָגט יעדן צו דעם דימענט־שטיין:
נאַ, זע, באַטראַכט, ווי שיין דאָס איז!
ניו־אָרלינס איז דאָך קליין פּאַריז,
און שטייט ביים שוועל פון אַזאַ ריז —
„דהי מאַיטי מיסיסיפּי!"

טוריסטן הערן אוים פון רום דעם גוס,
געשיכטע ליגט דאָך דאָ אויף יעדן שפּאַן,
נאַפּאָלעאָן און יואַי־לאָנג אין קאַראַוואַן,
און גרויסקייט שיסט, ווי פון אַ קראַן —
„דהי מאַיטי מיסיסיפּי!"

דריי הערשאַפטן. פון יעדן רינען צייכנס בלוט.
פּיראַט, און יעזואיט, און שקלאַפן־טרייבער'ס קנוט.
דער לואיס־קאַטעדראַל אין הייליקן געפּרייך,
אַלט־שפּאַנישע קאַבילדאָ־קייט, באַסטיליע'ס אַ פאַרגלייך,
און וואונדער בויגן־בריק אויף ברעג פון גרויסן טייך —
„דהי מאַיטי מיסיסיפּי!"

און שיפן, סקלאַדן, אָנגעפּאַקט מיט גוטס און האָב;
מיט צוקער־ראָר, מיט באַוול, רייז, און קאַווע־באָב.
און דאָס געזאַנג — אין הארצן טוט אַ פּריר:
„אַ טייך, דו טייך, אַוועק גיי פון מיין טיר"...
„דהי מאַיטי מיסיסיפּי!"

„לעיק פאָנטשאַרטרעין" — אַ קלאָרער, ווי קרישטאָל;
און ס'הוליעט דער פאַרפלייץ אין אָרימשאַפט פון טאָל.
און שטאָט — אַ טאָץ, אָן אויסגעשייערט, ריין;
אין וויכן גראָז לויפט דער טראַמוויי — ווי שיין! —
ניו־אָרלינס פויקט און זינגט מיט דרום־חן:
„דהי מאיטי מיסיסיפי!"

(1938)

# ניגערטאַון

(לידער פון דרום)

.1

געסלעך צעדרייטע, הייזלעך צעוואָרפן,
הייזלעך אויף הינערשע פיסלעך.
זאַמד און קאַנאַוועס, פאַפירענע בריקלעך,
פעסלעך פאַר בענקלעך און טישלעך.

דירה־געלט, צינזן — אַ, שינדט מען די הויטן,
און דוקא פון וואָך, ניט פון חודש.
געקומען אַ ווייסע... וואָס וויל דאָ די ווייסע? —
אויגן צעשראָקן, פאַרחידושט.
וועש אויסצוואַשן, און „פייפערס" אין זעקל, —
נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט פאַרלאָפן.
— מערי, דו דינסט דאָך אין ווייסע האָטעלן,
וואו האָסטו די ווייסע געטראָפן?

מערי, דערצייל אונז, וואָס זאָגן די „פייפערס",
קוקן גאָר אוים ווי ניט־היגע.
האַמער און סערפּ, און נעגער־געזיכטער...
מערי, ניט זאָג נאָר קיין ליגן.

מערי לייגט צו אַ פינגער צו ליפּן:
„מאָרגן אין קלויסטער צום מיטינג.

נאָט אייך דערוויילע די „פּייפּערס" און לייענט,
און גיט צו אַ צווייטן, אַ דריטן...

נאָכט איז שטאָק־פינצטער, ניגער־טאַון שלאָפט ניט,
שווער מיט די „פּייפּערס" זיך שיידן.
סקאָטסבאָראָ־אינגלעך — נעגערשע קינדער...
מאָרגן די ווייסע וועט ריידן — — —

.2

דער פּריטשער, אַ נעגער אין מיטעלע יאָרן,
באַהאַוונט אין הייליקע פּסוקים, —
זיצט מאָדנע פאַרגאַפט און ער גלויבט ניט די אויגן,
די ווינקלען פון מויל ביי אים צוקן.

קיין נייס ניט אַ נעגער אויף שייטער צו לינטשן,
אַ נעגער צום טויט אַזש פאַרשמייסן,
אַ נייס איז: פון סקאָטסבאָראָ־נעגערס אין תּפיסה
נאָר גרוסן געשיקט דורך אַ ווייסער.

זיין קוק פרעגט פאַרוואונדערט: פונוואַנען, זאָג, קומסטו
מיט ווערטער אַזוינע צום האַרצן? —
פאַרבונדן טאָם־מונין מיט שעיר־קראַפּערס יוניאָן
און אַרבעטער ווייסע מיט שוואַרצע.

צו אונז אין דעם קלויסטער סע קומען אָפט ווייסע,
נאָר קומען מיט אַנדערע צוועקן.
די ווערטער, וואָס ווערן אין האַרצן פאַרזייט איצט,
ניט זאַמד און ניט ווינט וועט פאַרמעקן.

עס רוישט אויף דער קלויסטער פון טיף־טיפער שטילקייט;
דו ווייסע געענדיקט האָט ריידן.
און ס'שטעלט זיך דער פּריטשער אַוועק אויף דער בינע
מיט שטים אויפגעציטערט פון פריידן:

„וואָס מערער, וואָס עפּטער אַזעלכע מיר דאַרפֿן!
אויף נייע, אויף ליכטיקע וועגן!" —
און ס'טוט זיך דער עולם אַ לאָז צו דער ווייסער
מיט הענט אויסגעשטרעקטע אַנטקעגן.

(1933)

## באָולדער-דאַמבע

(אַפּעמע)

.1

„בלעק-קעניאָן" —
הויקערס ווילד צעוואַקסן;
האָפּערדיק אין הוילקייט
האָרב אויף האָרב פֿאַרלייגט זיך.
שוואַרצע שפּיצן שאַרף און שטעכיק,
וויסט געוואָי פֿאַר ווינט-געווירבל,
און די פּלאַסטן — ריזן-בלעטער,
אַן אַרכיוו פֿון אַלטע, אַלטע צייטן.

ברי און גלי פֿון בייזן מדבר
אין די בלעטער איינגעבונדן;
יעדע זילבע — בייטש פֿון שטורעמס,
יעדע זייטל — אויפֿרייס-בונטן.
קאָלאָראַדאָ, טייך קאַפּריזנער,
ניט-געצוימטער פֿון געבוירן,
ווי אַ הולטאַי פֿלייץ צעְפּטר'ט,
זעט און גוטס פֿון ערד פֿאַרטרונקען,
(פּונקט ווי זיינע באַלעבאַטים
אין געיעג נאָך מאַכט און רייכטום), —
ליגט געשמידט דאָ, ווי אַ נעבעך,
אין געשלענגל פֿון בלעק-קעניאָן;
ווי אַ פֿויך דורך שטייגן-לעכער
מוז ער קריכן, מוז ער פֿאָלגן,

רוגזא טיף אין זיך פאַרשטשעמעט,
ווען פון בעט אַראָפּגעטריבן.

איז דאָס אָפּט ניט גאָר אַ נאָכטו
פון דעם אויפבוי פונעם דניעפּר? —
און דאָס רייכסטע לאַנד און שטאַרקע
האָט זיך קאָנטיק צוגעשפּעטיקט?...

.2

באָולדער-דאַמבע —
מענטשלעכער אָנגריף נאַטור צו באַהערשן!
ווער׳ט זיך געבאָרעט, ווער׳ט זיך געשלאָגן
ביזן אַ שטעל טאָן אַ טראָט דאָ דעם ערשטן? —

סקאַלעס געטעסעט, בערג אויפגעריסן,
טייך ניט-געצוימטן פאַרן גאָרגל גענומען.
וויפיל דער׳הרג׳עט, וויפיל צעריסן? —
צעטל דערציילט ניט, צעטל אַ שטומער.

קריך און געקלעטער אויף גליטשיקע פעלזן...
בוך פון חשבונות צום פינטל צום מינדסטן.
מענטשן אויף הענגערס, נו טרעפן זיך פאַלן;
ס׳גייט ניט אין לעבנס, ס׳גייט אין פאַרדינסטן.

באָולדער-דאַמבע —
אָנגריף געגאַרטער אויף רויע סטיכיען;
מער ווי אַ האַלב שוין פאַרמעסט איז געוואונען,
נאָר ניט קיין צענטל פאַר פּראַצעשן מיען.

דאַמבע בעטאָנענע גרויסט זיך אין גליווער.
באַנען און קראַנען אין לופט אויף קאַבעלן.
זין אַריזאָנאַ׳ס און זין פון נעוואַדאַ
הענט שוין דערלאַנגט זיך אַריבער די שוועלן.

פירמעס סאָלידע, קאָנטראַקטאָרס באַרימטע
סטרייק האָט געצוואונגען אַ ביסל זיך בויגן.

שיסן מיט פונקען עלעקטרישע עגבערס,
טיפט זיך אַ ווירדע אין אייגענע אויגן.

באָולדער־דאַמבע —
קעפּ הויך פאַרריסן צום שוואונג פון די לאַסטן,
גוס פון צעמענט, ווי די שטראָמען פון שליוזן...
היט דיין געביין דיר! אַט זינקסטו אין קאַסטן.

ביז צו די לענדן די לייבער פאַרברוינטע,
אונטן און אויבן משקולת־זיגזאַגן;
קאָך און געשמעלץ און גערודער פון אויפּטו,
נעץ אויסגעשפּרייטע פון גרויסע געוואַגן.

טורעמס מיט פּאָמפּעס אַהינטער דער דאַמבע, —
וועכטער טיטאַנען ביים אוצר פון וואַסער;
קוואַלן באַלייכטונג אויף שטרעקעס פונדאַנען,
שפּע פאַר פעלדער, פאַר פרוכט און פאַר פּאַשע.

.3

אַן אויפזעער דערציילט אונז פון 97 טויטן
און שניצט דערביי קאַלטבלוטיג
אַ ריטל אָפּגעפּליקטן:

— אויף אַ פּראָיעקט אַזעלכן די צאָל איז קליין און נישטיק;
און די קאָמפּאַניעס צאָלן קאָמפּענסאַציע,
אַבי סע ווערט דערוויזן
אַז די שולד איז זייערס...

אינקאָרפּאָרירטע זעקס קאָמפּאַניעס
מיט אַ פאַרמעגן קאָלאָסאָלן,
פון „באָולדער־דעם” די רייכע בויער;
מאַשין־„עפּישענסי” צום קווינט געדעכנט
און עקאָנאָמיע — ערשטע פידל.

אַט ציט אַ קייט זיך פון פאַבריקן,
פון אייזן־שמעלצער, גיסערייען,

פון ריזן־רערן — לויתן־מיילער
אויף די קאַנווייערס, ווי פּלאַטפאָרמעס,
אַהין און קריק צום האַנט דערלאַנגען
און צו פאַרריכטן, צייט צו שפּאָרן, —
אַ פאַלשער טראַט — און מענטש פאַרלאָרן.

טראַ־טאַ־טאַ! און ראַד און „ראַבאַט", ווי לאָס און רידל;
אַ דורכריים מיינט — אַ שניט אינמיטן.
ס'איז „באָולדער־דעם" אַ פעט יאַרידל, —
פאַר 6 קאָמפּאַניעס זעקס פּראָפיטן.

.4

אַ בלוטלאָזער שמייכל אויף ליפּן געפּאַרבטע.
מיט קראַנקלעכע פינגער זי גרייט־צו די פילמע.
אויף קליינעם עקראַן אין אַ טונקעלן ווינקל
פאַר געסט צו באַווייזן מלוכה'שן וואונדער.

און ס'צאַקעט דאָס רעדל און וויקלט די לענטע;
פון בילדרייכער שיינקייט דער עולם באַטרונקען, —
און אָט איז דער סוף שוין; אַזוי וועט דאָס אויסזען,
ווען בוי וועט זיין פאַרטיג, און אויפּטו געלונגען.

דאָס קראַפט־הויז — אַ פּאַלאַץ, אין שוים פון דער דאַמבע,
דער קאָפּ וועט אַ בריק זיין, בולוואַריש געמאָסטעט,
און הינטן — אַ וואַסער אויף צענדליקער מיילן,
און שיפן געזעגלט, ווי וואַכלייט אויף פּאָסטנס.

פונדאַנען וועט „עדיסאָן" ליכט־קראַפט באַציען
פאַר קונדן אפילו אין אָרימסטע שטיבער;
און רעזערוואַוואַרן פאַר שטאָט־מענטש און פאַרמער, —
און זיי, די קאָמפּאַניעס, באַלד נעמען דאָס איבער.

אָרום אויף די טישן, אין קופּקעס צעלייגטע,
פּאַמפּלעטן און העפטן, און בילדער, און מאַפּעס, —
און וויל ווער די פילמע? — דאָס איז צום פאַרקויפן,
אַזאַ סואווּעניר איז אַ זאַך ניט קיין קנאַפּע.

מלוכה׳שער אויפטו פאַרן פאָלק, פאַרן ברייטן,
אַ צייכן פון אָנדענק איז חשוב און טייער;
דורך איין טיר אַרויס גייט איין עולם באַזוכער,
דורך צווייטער אַריין קומט אַן עולם אַ נייער.

ס׳זעצט זיך די זון שוין, גיסט טונען מיט פייער
אויף בערגיקע קאַמען, אויף האַרבעם צעקאַרבטע. —
דאָס מיידל, זי שלעפּט זיך צום קינאָ־געשטעלכל
מיט בלוטלאָזן שמייכל אויף ליפּן געפאַרבטע.

.5

שטעטל באָולדער, —
אויסגעוואַקסן, ווי אויף הייוון,
און אין טאַקט מיט „באָולדער־דאַמבע״,
מיטן צופלוס, מיטן אָפּפלוס פון דער אַרבעט,
ענדערט זיך און ענדערט,
ווי דער ים ביי זיינע ברעגן.

נאָר די הייזלעך מאָנאָטאָנע,
לאַנגע שורות און געשמאַקלאָז,
מיט די גרויע קאַפּטור־דעכער,
פאַר די אַרבעטס־לייט די דירות,
שטייען אַלע אָנגעכמורעט,
ווי אַ כאַפּטע אַרעסטאַנטן.

וואָס ט׳מען טאָן מיט די „בנינים״,
ווען פּראָיעקט וועט זיין פאַרענדיגט? —
אַט אַ פראַגע, אַ נאַאיווע! —
באַלעבאַטים און פאַרוואַלטער
דאַרפן שטאַלן און גאַראַזשן,
און דאָס רעשט, וואָס וועט פאַרבלייבן,
וועלן גיין, ווי גרויס־מציאות,
צו די בויער פון די הייזלעך
און צו מענשן האַרעפּאַשנע,
זיין פאַר זיי די היימען,

וואו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן,
זיך און הויזגעזינד באַשיצן...

און דערוויילע שטעטל „באָולדער"
שווימט אין האַנדל, ווי אַ פיש אין וואַסער;
קראָמען, מערק און ראַדיאָ־ריידער, — —
כאַפּ אַריין היינט! ווייל דער מאָרגן
קאָן דיר אַלץ קאַפּויר צעדרייען.

.6

די זשוואַווע אינדיאַנערקע פאַרקויפט אַנטיקן,
לייט ביכער אויס צום לעזן אויף פּראָקאַט.
אויף פּאָליצעס אַ ריי מיט שרייבער וועלט־באַרימטע,
און צווישן זיי אויך שאָלאָכאָוו דער רויטער יאַט.

אַט איז זיין בוך „און רואיג פליסט דער דאָן";
איך פרעג: ווער לייענט דאָ אַזעלכע זאַכן?
צעשמייכלט זיך די פרוי און ענטפערט אָפּ געלאַסן:
די אַרבעטער אַט דאָ פון אַלע פאַכן.

פון קאָלעדזשעס און הויכשולן געבראַכט דיפּלאָמען;
פאַרמאַרעטע פון זוכעניש אַן אייגן פאַך באַנוצן,
געבעטן זיך צום דאַמף־האַמער, צום גראָב־אייזן, —
אויף יעדן „דזשאָב" געבעטן זיך אַ טוצן.

און אַט זיי פאָדערן דאָס בעסטע און דאָס נייסטע,
נאָר ס'איז די צאָל באַגרעניצט אין דעם רייסטער;
אויף שרייבער רוסישע די נאָכפראַגע וואַקסט טעגלעך, —
איז אפשר האָט איר נייע נעמען? אפשר, מעגלעך...

.7

שטאָק־נאַכט. און באַרג־אַראָפּ צו שטאָט לאַס־וועגאַס,
וואָס ווינקט קאָקעטיש ווייך מיט וויין און ליבע,
די אויטאָס בליציק אין געלאָז צעלאָזענעם אַהין
פון אויפגערעגטע הענט געטריבן.

די שטאָט וואַכט אויף, ווען נאַכט קומט אָן,
און צינדט מיט תאווה אָן די האַלב־פאַרדעקטע שויבן.
און „באָולדער דאַמבע" אָטעמט הארט און שווער
צופוסנס ביי די שאַרסטקע בערג פונאויבן.

(1935)

## עמפייר סטייט

(אַ קוק אויף ניו־יאָרק פון 102־שטאָקיקן בנין)

.1

עמפייר סטייט...
הונדערט־און־צוויי שטאָק די הויך.
וועלכער בויך
האָט דאָס אויסגעטראָגן אַזאַ ריז?
אַ מאַכינע העכער פון דעם „קרייסלער" מיט זיין שפּיז,
העכער פון דעם „אייפעל" אין פּאַריז...

צום פאַרקויף שטייט גרייט
האַרעוואַניע: קויף מיין פּראַצע, קויף!
ביליג מיינע הענט, ביליג מיינע פיס.
פאַר אַ ביסן ברויט
און פאַר האַלב־אומזיסט
גרייט צו קלעטערן אויף העכסטער רעשטאַוואַניע;
גרייט צו בייסן שטיין,
און צו קייען ערד,
און צו שלינגען קויט, —
לייב און לעבן גרייט צו געבן...

גביר מאַנהעטן, —
אין דיין לענג און אין דיין ברייט
דיינע ריזן־טורעמס זיינען קופּעס, קופּעס גאָלד.
און דאָס עשירות האָסטו זייער, זייער האָלט,
איז דעריבער דאָ ביי דיר געמאָלט,
אַז נאָך העכער פון דיין העכסטן טורעם־ריז
וואַקסט די האַרעפּאַשנע נויט...

.2

עמפּייר-סטייט, —
צוועלף-הונדערט אכט-און-פערציק פוס געבוי
פון אויבן ביז צום גרונט;
אַ זייל בעטאָן, אַ סטענגע גלאָז, אַ שנור מעטאַל.
געצויגן ווי אַ ווירע. גלאַנציק ווי אַ שרונט.
ווער האָט געניטעוועט די ווענט,
געקנאָטן ליים, געמישט צעמענט? —
הענט...
און אויף דעם באַלקן-שוואונג
געצאַפּלט האָט ניט איינער אַלט און יונג;
און אונטער שווערן ווינקל-שטיין
געבראָכן האָבן רוק-און-ביין.
איצט ציט זיך בנין, ווי אַן אויסגעשטיקטע טוך,
מיט הענג-ווערענדעס, ווי די פרענז,ביים זוים פון דאַך,
אי אונטער שויב, אי אונטער פרייען הימל...
יאָג, הויב-מאַשין, און טראָג זיך ווי אַ רוח,
און נישט געדרימלט, —
אַ דאָלער פאַר אַ קוק, אַ דאָלער פון אַ קאָפּ.
איז צי און פלי אַרויף, אַראָפּ,
זע, האַלט ניט אָפּ
דעם פלוס דעם טייערן, דעם שטראָם פון געלט...
— דאָס איז די זאַך!
— דאָס איז די וועלט. —
— ג-ע-ל-ט.

.3

צעלויטערט איז דער בלויער רוים
אויף מיילן צענדליקער אַרום;
און אונטן ליגט ניו-יאָרק'ס מאָדעל,
אַ שפּילצייג צווישן האָדסאָן און איסט-ריווער
און צווישן ים און בראָנקס,
אין סקווערן און אין קובן.
דער סענטראַל-פּאַרק, וואו היימלאָזע פאַרטייעט שלאָפן
און זוכן אוים אַ טרוקן בלאַט פאַר צוקאָפּנס,

זעט אויס אַ גערטנדל מיט ביימלעך און וואַזאַנעס.
און בלעקוועל'ס הויז פון שטראָף, דאָס תפיסה־אינדזועלע,
וואָס איז אַזוי באַקאַנט צו אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַנטן, —
ווי שיין סע חנ'דלט זיך און קאָקעטירט
מיט זילבער פּאַס און גראָזיק־גרינע באַנדן,
ווי ס'וואָלט אַ ליבע מיט דער וועלט געפירט.

אויף אַ מאָדעל איז גוט און אַנגענעם צו קוקן:
בפרט אַזאַ, וואָס קלאַמערט זיך מיט בריקן,
ווי שטייפע אָרעמס אַנגעצויגן,
אין קעגנזייטיקע פעסטע ברעגן,
כדי צו ראַטעווען אי זיך, אי קאָלאָסאַלע משא
פון אַט אַזאַ פאַרמעגן,
סע זאָל ניט זינקען אין דעם תהום פון וואַסער
און ווערן אויס, ווי קיינמאָל נישט געשטויגן.

נאָר וואו־זשע איז די לעבעדיקע שטאָט, די יחוס־קרוין, —
וואו איז ניו־יאָרק אַליין? . . .
וואו איז ניו־יאָרק'ס ברוטאַלער הוק און סטוק,
וואָס יאָגט אין קאָרק מיט יעדן שטיין פון ברוק,
און יעטווידן מעת־לעת די פולע פיר־און־צוואַנציק שעה
און גיט ניט ברויט צו־זאַט? —
נישטאָ . . .
ווי אויף דער וועלט ניטאָ.

4

די טיפע רחבות נעם דורך אַ שפּאַקטיוו אַריין
צו זיך אין אויג פאַר בלויז צען סענט. בלויז פאַר איין דיים
דערזעסט דאָס ווייטסטע שטעטל . . .
נאָר דאָס וואָס ליגט דיר אונטער די פיס, די אָרעמקייט,
פאַרהוילן בלייבט: די באָוערי און די איסט־סייד
און נאָך אַ לאַנגער צעטל . . .

צעבראָסטעט און צעקנעפּלט איז קוני־איילאַנד'ס ברעג
און שטינקט מיט שוויים און מיט צעפּריעט לייב

אין אַפּרו־טעג.
און האַרלעם טרענצלט אויס זיין האַס אין הייסע נעכט
און קילט זיך אין דעם ברען פון בראַנפן,
און טאַנצט דעם ווייטיק אויס אין טוכלע קעלערס.

פון טרוקענעם געזעץ אין אויסגעוואַקסן גרויס די נעץ
פון „שטילע שענקלעך" מיט „לחיים" און „פּראָזיט"
אין צענער, צענער טויזנט.
און וואָל־סטריט טוט זיך אירס, און אויפן אַלטן שניט,
זי כאַפּט טאָג־אויס, טאָג־איין אַ פול־באַקליידטן פאַנג
און לאָזט אַרויס אַן הויזן.

מאָראַל איז אָפּגעהיט. בורלעסק און קאַבאַרעי,
און מיט־נאַכט־שפּיל, און נאַקעט וואונק, און אָפן רייץ, —
קום, ליבער, גיב פאַרדינען...
און שעה'ן פון געדראַנג, ווען סאָבוויי שלינגט און שלינגט
און ברעכט אַרויס צוריק געקנויל פון מענטשוואַרג,
אַזש ס'עקלט פון דער סלינע...

און רויב, און מאָרד אין העלן טאָג... פון אַט־דער הויך
מען זעט ניט פאָליציייסקן קלאַב, וואָס נאָר אויף קעפּ
פון אַרבעטער מען צילט אים.
פּאַרק עוועניו און העסטער גאַס פון דאַנען קאָן
אַ צווילינג זיין. — „בי"־עוועניו דערשלאָגענע
קאָן פאַר דער פינפטער גילטן.

און סאַפּ פון שאַפּ, דינאַמאָ־אָטעם פון פאַבריק;
די רויטע מיטינגען קאָמפּאַקט אויף יוניאָן־סקווער,
פלאַקאַטן, רויטע פאַנען;
און אַרבעט'ס צענטער, וואו דער ווילן ווערט געשמידט,
צום לעצטן קאַמף ביז זיג... פאַרמאָגסט דאָס אַלץ, ניו־יאָרק,
כאָטש נישט צו זען פון דאַנען...

עמפּייער־סטייט, פער פון ניו־יאָרק.
מיליאָנען־פּיראַמיד פון גאָלד געפּראָפּטע זעק.

אַן אוצר יעדער שפּאַן, און באַדן — אַט אַזאַ פּאַרמעג...
איז צאַל, באַצאַל. ניט פרעג! —
קומט, קונדן, קויפט אַ קוק. אַט זעט
ס'איז פאַרן אויג אַזאַ־אַ שפּע־זעט
פון ים און טייכן און פון לאַנד און שטעט.
די פּאַסקעלעך און פּאַסן? —
דאָס זיינען עוועניוס און גאַסן.
די שנירעלעך געדרייטע? —
דאָס זיינען באַנען און טראַמווייען.
און אַט די פּיצע־פּינטעלעך,
ווי מערעשקעס אין קופּקעלעך צעשפּרייטע,
און יאָגן אום, ווי מייזלעך אין אַ פּאַסטקע, —
דאָס זיינען דאָך די קינדער פון ניו־יאָרק,
באַשירעמט און באַשיצט און אַט־אַזוי צופרידן...

אַ־יאָ, ניו־יאָרק איז שיין און ריין,
צעפּעכלט און פאַרכאַפּט דאָס אויג? —
איז האַנדלט־איין אַ סואווענירן אַהיים
פאַר ווייב און קינד, פאַר קרובים און פאַר פריינט.

טוט דאָס היינט,
טוט דאָס איצט...
קלויבט אויס, וואָס אייער הארץ נאָר גלוסט.
אַ שלל אַן אויסוואַל און לויט יעדנס גוסט,
און קאָסט אַ שפּאַט,
אַ ניקעל, אַט...
— פינף סענט אַ קאַרטעלע,
— פינף סענט אַ שטיק...
— א י י ן נ י ק ע ל ע! — — —

וו—אַ—אַ—ס...?
וואָס וויל אַ מענטש? —
פון סטרייקס און פּיקעט־ליין אַ סואווענירן?
אַ בילד פון הונגער־מאַרש פּראָטעסטן
און פון אַרעסטן;
פון רייען בעטל־ברויט און הקדש'דיקן נאַכט־געלעגער;

פון נויט, וואָס צערט דעם ווייסן און דעם נעגער
און האַלט זייביידן אין דעם דרוק פון יאָך
די פולע זיבן טעג אין וואָך?...
די אמת׳ע, די עכטע קראַפט,
וואָס בויט און שאַפט
ניו־יאָרק?...

אַ—אַ—אַ — — —
וואוהין אַ מענטש איז דיר פאַרקראָכן! —
ווי קומט אַהער אַזאַ נישט־שיינע זאַך?
אויף עמפּייר־סטייט איז יום־טוב אויך דער אינדערוואָכן,
און פאַר אַ קוק אויף דעם איין דאָלער ז׳ניט קיין סך...
טאָ וואָס־זשע זוכט אַ מענטש?... וואָס נאָך?
די אָרעמקייט אין קעלער־לאָך?...
אַזאַ מין סואווענירי?...
צי איז ניט אָפּט דער מענטש געּרירט?
צי אפשר גאָר אַ באָלשעוויק,
וואָס רק סע זוכט צו טאָן אַ בריק? — — — —

— — — — — — — — — — — — —

העי, דזשים!
גיב אַכטונג אויף דעם מין...
און פאַלט אַריין אין זיינע הענט
דער עמפּייר־סטייט... איז אויס, אַן ענד
צום גאַנצן קאַפּיטאַל.
אין בעסטן פאַל
ער וועט פון דעם זיך מאַכן אַ מוזיי.
און איינס און צוויי
אויף העכסטן שטאַנג די רויטע פאָן
מיט סערפּ־און־האַמער, זיין עמבלעם,
ער וועט צעוויקלען מיט פאַרנעם...
אַזאַ ווי ער, — ער קאָן דאָס טאָן.
ער וועט דאָס זיכער טאָן...

(1931)

# צווישן זון און זאַמד אויף קאַליפאָרניער ברעגן

(בילדער)

.1

אַ שפּע זון און זאַמד און לינדע לופט אינמיטן.
אַרויסגעשלייכט האָט שוין די צנועה־שטעטל,
„סאַנטאַ־מאָניקאַ", פון מאָרגנדיקן נעפּל
און קוקט אַראָפּ צום פינקלדיקן ים
מיט פּאַליסאַדן אויסגעוואַשענע,
מיט זאַטער מילדקייט אויפגעקנעפּלט.

אַ קייט פון ווילאַס, קלובן און פּולוואַרקעס
אויף צינגער־זאַמד צום וואַסער אויסגעשטרעקטע.
דער יוסטער אָקעאַן גיסט זילבער אויף די שוועלן,
און גרין און בלוי אין שפּיל זיך וויגט
אויף הוידעלקע פון שנור און שטראָם
אַריבער גאָלד־געשניצטע בענקס.

שטול־—פּאַרמיקער און אויסגעגאָסן פון צעמענט, —
דעם דענקמאָל האָט „דאָס פאָלק" געשטעלט
דזשאָן דזשאָנס'ן דעם סענאַטאָר.
„ער האָט דאָ ליב געהאַט צו זיצן און באַטראַכטן
דעם רייכן זון־פאַרגאַנג אין רואיקע פאַרנאַכטן."
אַזוי מיט דאַנקבאַרקייט דערציילט דער מאָנומענט.

דער גערטנער מיטן קופּער־קאַרק צעקאַרבטן
באַגיסט דאָס גלאַט־געשוירן גראָז
און ווישט דעם שווייס פון אָפּגעברענטן פּנים.
דער אַלטער וואָלט אודאי רוען איצט געוואָלט,
נאָר „סאַנטאַ־מאָניקאַ", די שטילע צנועה,
וואָלט קיין ליידיקגייער אַ גראָשן ניט געצאָלט.

.2

אַן ערב־רב פון אויסגעבאַקטע לייבער.
האַלב־נאַקעטער געשטויס און לאַך און פרייד געזוונטע.
דער ראַדיקאַלער ווינקל איז אָפן דאָ פאַר אַלע;
און ווייס, און שוואַרץ, און ברוין,
ווי אַ בוקעט פון פאַרבן בונטע.

געזאַנגען שפרינגען אין אַ מין געהופער,
און סטרייקס, פּאָליטיקע זיך בייטן מיט פּאָזיציעס.
די שטאַלטנע דזשענטל־לייט מיט ווייסע האָר,
ווי וואָל פון יונגן שאָף אין מילך געבאָדן,
פאַרביי מיט נעז פאַרקוועטשטע לויפן,
ווי פילאַנטראָפן פון אַ מחנה בעטלער.

שטיל זינקט די זון אין פייער־גום פון וואַסער,
און ס'צינדט דער זאַמד זיך אָן, און אויפן זאַמד אַ שייטער.
אַ רויטער ווינקל ווערט. אין ענגן קרייז אַרום,
אין פּאָזעס אַלערליי פון ראַסן דער געמיש
שפינט חבר'יש זיין הייסן שמועס ווייטער...
(1937)

# ב. קאַמפּן

## מערץ

אומרואיקע, ברויזנדע, צערודערטע טעג.
אייזבערג צעברעכן זיך קעפּ אין געיעג.
פלאַצן אַרוים טייכן פון געשוואוירענעם ברעג.
ליגט אַ פאַרווייניגטער געווינטערטער וועג.

מאַרציקע טעג. אַנזאַגער טעג. אַנהייב געבורט.
בלוטן אַנגעצונדענע, און לענדן געגורט.
אַקעראייזנס, בראַנעס אין אַ פרײלעכן הורט.
אויפשטאַנדן טעג, מאַרציקע, אין רויטן געשנורט.

(1923)

## ווען דאָס לעבן איז צעשטורעמט...

ווער קניט עס אין ווינקל, די פּלייצעס געהאָרבעט,
און זוכט מיט אַ סטאַטשיק דעם „קץ"? —
דאָ כאַפּט מען פון טישן און מ׳שטאַפּט אָן די טאָרבעס, —
דאָרט טרייסלט די וואַנט זיך פון זעץ.

דאָרט ברעכן זיך קייטן, דאָ שטורעמט דאָס לעבן,
און ס׳רייסט אַלע זעגלען דער ווינט.
ווער שפּילט זיך מיט בלומען און צאַרטע געוועבן,
ווען ס׳שפּרינגען צום האַלדז אים די הינט?

פון דניעפּער ביז האַדסאָן, פון לענאַ ביז עלבאַ
דער אויפרייס צעוואַקסט זיך און מאַנט.
וואָס זיינען די עכאָס פון שטילע געוועלבן
אַנטקעגן די עכאָס פון פראָנט? —

מער זאָלן ניט רוישן געפליגלטע ווערטער,
ווי רעגנס אויף בלעכענעם דאַך.
מיט סערפּ און מיט האַמער צו העכערע ווערטן
פון נאָרעם — אויפ׳ן שליאַך!...

(1927)

## דעם גלאָק צעוויגן...

די הענט צעוואונדיקטע מיט בלוט באַשפּיגן,
פון ברוך דעם גלאָק צוריק דערהויבן
און אים צעוויגן...

מיט יעדן וויג —
דער זשאַווער שטיק נאָך שטיק וועט פאַלן.

דערנאָך —
פון הינער־פלעט אַרויסגעריסן,
צעהודיען וועט דער גלאָק
מיט קלאַנגען איינגעביסן
אין שטיין, צעמענט און שטאָל,
און טויערן פאַרריגלטע
ער וועט צעפּראַלן.

מיט יעדן אָרעם־שוואונג —
די מוסקולן, ווי פרענטן שטייף
און בויגן זיך, ווי דראָט.

דעם גלאָק אַזוי צעוויגן,
ביז פייעריק זיין מעש
וועט זיך צעצינדן
אַריבער דאָרף און שטאָט;
ביז מענטש פאַרנעמען וועט
זיין רוף־געקלאַנג;

ביז פרייד-געזאַנג
אין גאַם וועט הענגען,
און מענטשלעך גליק
צום מענטשן ברענגען...

אַ-נו, דעם גלאָק פּאַנאַנדערוויגן,
און וויגן, וויגן, וויגן. — —

(1922)

## אין אויפבוי און אין קאַמף

(צום ערשטן געבורטסטאָג פון אינט. אַרב. אָרדן.)

דער וועק-רוף הילכיק רופט:
נאָך פליען האַלאַוועשקעס
אויף וועגן און אויף סטעזשקעס;
נאָך וואַרפט דער שונא קנוילן רויך,
און קריכט פּאַרטייעט-שלאַנגיש אויפ'ן בויך...
נאָר אין קאַמפן אויסגעפּרואווט,
ווי ווײַן אין פראָסט, ווי שטאָל אין פלאַם, —
זאָל זידן, ווי דער ים,
דער נייער אויפבוי-טאַט
פון פּראָלעטאַריאַט!
אין ריי! אין ריי!
צייל: איינס, מיר — איינס,
אין אויפבוי און אין קאַמף.

און שטאַרקער שטייגט דער שאָל:
איר אַרבעטער פון איבעראַל
און אויך פון יעדן הויט-קאָליר, —
פאַר אַלע אייך צעעפנט שטייט די טיר
פון נייעם בנין — אייער היים און לאַנד.
דער גאָלד-באַליישטער, אַלטער, טוכלער קאַמער

וועט לאַנג ניט אויסהאַלטן די קלעפּ פון האַמער,
די שניטן פונ׳ם סערפּ, דעם טאַנץ-געהופּער
פון שטעקלעך אויפ׳ן פּויק... מאַרש, פּיס-געטופּער,
און אויפגעהויבן האַנט —
אין ריי! אין ריי!
צייל: איינס, מיר — איינס,
אין אויפבוי און אין קאַמף.

און ניט געפּויקט אויף טויטער פּעל, —
דאָס פּויקן הערצער, וואַרפן בריאַיק-הייסן שרויט.
אַ שטריק אויף טויטן טורעם — און דאָך אויף שוועל...
און אַנגעצונדן חורבה צום פאַרגיין אין רויט.
און אין דעם גוס פון פונקענברויז
אַנטקעגן וואַקסט דאָס נייע הויז,
און בלוט צעזונגען פריש און יונג,
און דו, און איך אין „מיר” פאַרטרויט...
העי-אוכניעם! — און אַ שוואונג! —
אינאיינעם — און געבויט...
אין ריי! אין ריי!
צייל: איינס, מיר — איינס,
אין אויפבוי און אין קאַמף.

אין האַנט אַ צירקל און אַ שנור,
צום גאַרטל — אַ גראַנאַט;
און אויג, געפּאַרשט דעם שונאַ׳ס שפּור
און אויך פאַרראַט...
די אַרבעט רופט: אַהער! אַהער!...
דער שונא פּרוּווט מיט אָפּהאַלט, מיט געשטער.
איז צום געצייג איז צום געווער!
נו, איז אויף לעבן און אויף טויט...
אַ ביקס — און אויף דער וואַך!
אַ האַמער — און געבויט!...
אין ריי! אין ריי!
צייל: איינס, מיר — איינס,
אין אויפבוי און אין קאַמף.

(1931)

# פון אומעטום

(לייענדיק אדא נעגרי)

ער קומט פון שטעט, ער קומט פון קאַכיקן גערויש;
די גלידער שוואַרץ, פון אַרבעט און פון זון פאַרברענט.
מיט פינגער קנופּיקע און אַדערדיקע הענט
געריסן האָב־און־גוטס פון האַרטן גרונט אַרויס, —
אַליין — אין נויט פאַרבליבן.

ער קומט פון אַקער־פעלד, ער קומט פון וואַלד־געהאַק;
פון קוזניע גייט אים נאָך דער האַמער־זעץ,
פון שאַכט־גרוב — ביין־צעפּרעסענער פון נעץ,
פון קעלער־שטוב — דער הונגער אין אַ זאַק,
און טויט אויפ׳ן טיר פאַרשריבן.

פון וואַרשטאַט און פאַבריק, דורך גראַטעס שפּאַרט אַראָפּ
זיין גרוים געשאַל, זיין אויפברויז און געברום;
ער קומט אַהער, און קומט פון אומעטום!
און זיין געזאַנג מיט ניי־געשטעלטן טראָפּ
צינדט הערצער אָן ווי קנויטן!

ער וויקלט אויף די פאָן געוועבט פון אייגן האַנט;
ער צינדט אָן דאָס האַרץ און טראָגט עס אויפ׳ן שטאַנג,
און ברעכט אַ נייעם וועג דורך אין זיין גאַנג,
און פלאַסטערט אוים מיט וויסן און פאַרשטאַנד
זיין שליאַך דעם רויטן...

(1926)

# צום באַגעגן

איך גרייט זיך צום באַגעגן.
צי שיינען וועט די זון,
צי כליאַפּען וועט אַ רעגן, —
כ׳וועל קומען צום באַגעגן
דורך רויע, נייע וועגן.

דער האַר אַלמעכטיקסטער,
פּרעסאַניאַום שלינגון,
וועט קוקן פון אַנטקעגן
מיט אויגן ווילד צעשראָקן:
וואָס הודיען אַלע גלאָקן!

און פּלוצלונג וועלן צינגער,
פון מעש און שטאָל, און קופּער
צעזינגען זיך ווי זינגער.

אַ שווערער פּיס-געטופּער
וועט אונטער זיינע פיס די ערד צעוויגן.
און בלייבן וועט ער ליגן,
ווי דגון, האַלב צעגלידערט,
אויף שטומע, קאַלטע שוועלן.

און איך — אויף די געשטעלן,
מיט מייניקע פאַרברידערט,
וועל שטייגן העכער, העכער,
און הייבן הויך דעם בעכער
צום גרויסן פייער-טאָג אַנטקעגן
פון אונזער לעצט באַגעגן.

(1923)

## טאָם מוני...

(גאָווערנאָר ראַלף זאָגט זיך אָפּ צו באַפרייען מוני׳ן...)

טאָם מוני, —
צוויי ווערטער קורצע, — ווייכע,
באַוויזן האָבן צו דערגרייכן
די ווייטסטע ווינקלען פון דער גאָרער ערד
נאָך איידער קלאַנג פון ראַדיאָ האָט זיך אויף איר געהערט,
און ס׳האָט דער נאָמען „טאָם מוני"
ווי מיט אַ רייף אַ שטאָלענעם אַרומגענומען
דאָס ריזיק האַרץ פון גרויסער האָרעפּאַשנער וועלט,

וואָס האָט זיין שטורעם-וואָרט געזאָגט: ניט וועט,
ניט וואגן זאָל דעם הענקער׳ס האַנט
טאָמ׳ס לעבן אויף דער תליה אויסצולעשן...
טאָם מוני! — שוין 16 יאָר, אַז נאָכאַנאַנד
דו ביסט פאַרשפּאַרט אַהינטער שווערער תפיסה-וואַנט
און האָסט דיין קעמפערישן „איך" אויף ניט אַ האָר פאַרגעסן!

טאָם מוני...
דיין נאָמען איז געוואָרן אַ סימבאָל;
דיין גייסט אין צעל געהאַרטעוועט ווי שטאָל,
כאָטש גוף צעשרויפט און פאַר דער צייט געעלטערט;
און ווען דו האָסט דערהערט שוין איצט צום פערטן מאָל,
אַז בלוטזויגער און ליבעראַל פאַרגעלטערט
דיך ווילן ניט אַרויסלאָזן אַ לעבעדיקן אויף דער וועלט;
ניט אין פאַרצווייפל האָסט דיין פנים זיך פאַרשטעלט
און ניט געבראָכן איז געוואָרן דיין געמיט...
מיט וואָרט פון קאַמף דיין רוף איז אָנגעגליט
און שפּריצט מיט פלאַם;
מיט הייסן גלויבן, צוטרוי צו דיין שטאַם
און מיט פאַראַכט און ברענענדיקן האַס
צו די באַצווינגער פון דיין קלאַס...
און ניט פאַר זיך אַליין, צו די באַרויבטע גייט דיין רוף,
און אונטערדריקטע וואַכן אויף.

טאָם מוני! —
די זעכצן יאָר אין קאַליפאָרניער תפיסה-ווענט
אודאי האָבן דיר דיין גייסט געשליפן,
נאָר מערער נאָך און שטאַרקער נאָך —
דיין חוש דער פּראָלעטאַרישער האָט דאָס באַגריפן...

* * *

דער קאַליפאָרניער גובערנאַטאָר, דער „האָנאָרייבל" מיסטער ראָלף,
אודאי איז אַ בירגער חשוב׳ער און אפשר אויך אַ מאַן אַ בראַווער;
אַ מענטש, וואָס טראָגט אַ גאַנצן יאָר נאָר שטיוול מיט כאַליאַוועס,
מוז האַלטן פון „פּרינציפּ" און איז ניט סתם אַ וואָלף...
און פונקט אַזוי איז אויך זיין בוזים-פריינט,

דער מעיאָר „דזשימי“, פון ניו־יאָרק,
וואָס האָט אַזוי זיך אויסגעפּיינט,
פאַר דיר, טאָם מוני, זיך געמיט, געזאָרגט,
ביז פול געוועזן מיט אים איז יעדע געלע צייטונג־בלאַט...
נאָר ניט אַ קעמפער קויפט זיך פרייהייט פאַר פאַרראַט
און ניט אַ קעמפער האָט אין זינען זיך אַליין...
טאָם מוני! דיין רוף פון תפיסה־זאַק „סאַן־קווענטין“
האָט אויפגערודערט „סאַקראַמענטאָ“;
און ווי אַ לאַזונג אויף אַ פאָן,
דיין רוף אין האַרץ קלאַפּט אָן:
„העי, קאַמעראַדן! ס'איז ניט קיין איינצל־קאַמף, —
דאָס איז דער קלאַסנקאַמף וואָס ברענט...
דאָס איז דער שונא — קאַפּיטאַל,
וואָס האַלט פאַרשפאַרט אונז אין די גרויע ווענט“...

* * *

טאָם מוני! —
דער חוש דער פּראָלעטאַרישער וועט קיינמאָל אונז ניט נאַרן,
ווי ס'האָט ניט אָפּגענאַרט סאָוועטישער אָקטאָבער.
ניטאָ אַ „דזשייל“ אַזאַ, וואו שונא זאָל פאַרשפאַרן
דעם האַס פון אַרבעטער און זיין גערעכטן צאָרן,
וואָס וועט דעם רויבער־פויסט צעברעכן און באַגראָבן.

די 16 יאָר, וואָס האָבן דיך פון אונזער קאַמף אַוועקגעריסן,
מיט ציין און נעגל האָבן זיך אַריינגעביסן
אין סאַמע האַרץ פון ברענענדיקן קאַמף,
און ניט פאַרפעלט צו שיקן דיר די קעמפער־גרוסן
פון היגע סטרייקס פול־בלוטיקע,
פון אויפשטאַנדן און הונגער־מאַרשן מוטיקע,
פון אַרבעטער־אַרמייען, מיליטאַנטן,
און פון דעם שנעלן וואוקס פון אונזערע גיגאַנטן,
געבויט פון הענט פון מי
דאַ־הי. —

טאָם מוני! — און אַלע איר,
חברים קעמפער, אין שטיין און שטאָל פאַרשפאַרטע!

אין לעצטן קאַמף עקשנות׳דיקן, האַרטן,
ווען אָנגעשטרענגט איז יעדער טראָט און יעדער ריר, —
אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיר! —

די טורמעס, שעכט-הייזער אין פוילן,
דער וואַלד מיט תליות אין רומעניע,
דער פּאָליצייסקער פויסט אין מעש געפּאַנצערט, —
אין אונז קיין שרעק זיי קאָנען ניט פאַרפלאַנצן...

טאָם מוני!
און אַלע איר, חברים קעמפער!
זעט: אונטער האַרעוואַניע׳ס פאָן
דער קאַמף פאַר אייער אַלעמענס באַפרייאונג
הייבט ערשט זיך אָן!...

(1932)

# ס׳ברענט אַ סטרייק אויף לעטוס-פעלדער

(צום סטרייק פון די סאַלאַט-קלייבער אין סאַלינאַס, קאַליפאָרניע)

ס׳ברענט דער „לעטוס" אין סאַלינאַס
און מיט בלוט עס ווערט געלאָשן;
קאַליפאָרניע ליכטיק הייסע
ליגט אין פינצטערניש פאַרשלאָסן,
קילט זיך אינעם בלוט פאַרגאָסן.

טאַטעס, מאַמעס אויפ׳ן פיקעט
פאַר אַ ביסן ברויט אַ גרעסערס.
רינט דער זאַפט פון גאָלד-מאַראַנצן,
שמעקט סאַלאַטע פריש פון פעסער —
בלוט דאָס טריפט פון שטעך פון מעסערס!

מי און וועטער איינגעשטעמפּלט,
בראָנז דאָס פנים, קאָרק צעקאָרבטער..
ווידזשילאַנטים, הוירסט-טרענירטע!
אייער פעך-און-סמאָלע האַרבסטע
וועט אין שוואַרץ אים ניט באַפאַרבען.

ביז צום פּלאַצן פול דאָס שטעטל;
סקעב-אַגענטן, רעקעטירער.
דאָרטן ערגעץ אין דער הויפּט-שטאָט
זיצן פאַרשער און זיי פירן
סקעב-חשבונות אויף פּאַפּירן.
ס׳גיסט זיך בלוט אַרום סאַלינאַס;
טיטשקעס שלעגער, וועלף צערייצטע...

— — — — — — — — — — — — —

סטרייקער בראַווע! וויפל קלעפּ און וואונדן
אויף די האַרעפּאַשנע פּלייצעס
זיינען שוין געפאַלן, ווי אַ ים-פאַרפּלייצונג.

ס׳ברענט דער סטרייק אַרום סאַלינאַס;
פאַר׳ן לעבן קעמפּט די יוניאָן.
אייניק! ניט קיין פאַדערונג געמינערט.
מוטיק! ניט געפאַלענע באַוויינען, —
ס׳פירט צום זיג דער וועג אינאייינעם...

(1936)

# „טאָם מוני אויף דער פּיקעט ליין״

(ראַדיאָ אַנאָנס)

נאָך ניט אַראָפּ די ציַיטונגס-קעפּ:
„טאָם מוני איז באַפרייט!״ —
נאָך איידער פרייד פון בשורה אויסגעשעפּט, —
דורך ראַדיאָ טראָגט זיך ברייט און ווייט:
„טאָם מוני אויף דער פּיקעט-ליין!...
צי איז דאָס וואָר? — צי קאָן דאָס זיין?

נאָר אָט גייט אויף אַ היים געזאַנג
פון מאַרש-פּאַראַד אין פולן גאַנג:

מיט אָרעמס אָפענע און פלאַמיק האַרץ,
מיט ליבשאַפט אַ פאַרמעגן —
גייט טאַטע־פאָלק, גייט מאַמע־מי
זון העלדישן אַנטקעגן...

די לאַנגשאַרמען אַ שטאָלן קייט,
„עמבאַרקאַדעראַ"*) פול מיט פרייד;
איי. עף. על. און סי. אַי. אַ.
פאַראייניקט זיינען אַלע דאַ,
נאָר יענע דאָרט אויף דעם „נאָב־היל"**)
זיך ווערגן שלינגענדיק דעם ביטער־פיל...

און אַט, מיט פנים צו דער וועלט,
מיט פעסטער שטים און הויך באַזעלט
טאָם מוני רעדט, און ס'הערט זיין קלאַס
אין יעדער לאַנד, און שטאָט, און גאַס:

„איך ווידמע אַלע מיינע טעג,
אין לעבן מיר פאַרבליבן,
מיט אייך אין קאַמף געדעכטן שטיין,
און פריי מוז אויך זיין בילינגס!"

און איידער אויסגערוט צעפלאַגט געביין
טאָם מוני גייט אין פיקעט־ליין,
און דאָס איז וואָר, נעם קריץ דאָס איין,
ווי איינגעקריצט די 22 תפיסה־יאָר,
אַ לעבן־לאַנג, אַ לעבן פון אַ דור.

טויב איז די וואַנט און שטום דער קול,
סאַן קווענטין, זאַק פון שטיין און שטאָל;
שוין גרוי די האָר, שוין בריל אויף אויג,

*) „עמבאַרקאַדעראַ" — וואַסער־פראָנט.
**) „נאָב־היל" — רייכער קוואַרטאַל אין סאַן פראַנציסקאָ.

נאָר ניט קיין נויג און ניט קיין בויג,
נאָר ניט געקניט פאַר׳ן תליון אין געבעט
און ניט פאַרשאַכערט קאַמף פאַר פרייער בעט.
געלייגט דעם גורל אין מאַזאָליע־הענט,
און ס׳האָט דער צוטרוי ניט פאַרשעמט.

נאָך דאַן, מיט צוויי־און־צוואַנציק יאָר צוריק,
ווען הענקער האָט געגרייט פאַר אים די שטריק, —
האָט פעטראָגראַד־פּראָטעסט, דעם אַרבעטערס סיגנאַל,
אים ניט געלאָזן אַליין אין פעלד
ביז ס׳האָט נצחון אויפגעהעלט.

טאָם מוני! מיט דיר פאַרבראַכט אַ קורצע צייט,
גערעדט פון ברענענדיקן שטרייט,
עס האָבן טורמעס שטאַרקסטע שלעסער
ניט אָפּגעשלאָסן דיך פון דיין געזונטן שטאָם;
ס׳איז יונג און פריש דיין קעמפערישער פלאָם.
צו דיר, דעם זון פון מי, מיין פשוט ליד.
די קאַמפן פלאַקערן, און וועלט אין היים צעגליט.
גיי ביזן סוף אַנטקעגן אַלע ווינטן בייזע
מיט אים, דיין אמתן דערלייזער! —

(1939)

## סאַלוט, דעטראָיט...!

(אַ מאָנומענט אַפּן ברודער־קבר פון די פיר קעמפער: דזשאָו יאָרק, דזשאָו בוסעל, קאָלמאַן לעני און דזשאָו דע־בלאַסיאָ, דערמאָרדעטע אין הונגער־מאַרש פון די דעטראָי־טער אַרבעטסלאָזע ביי די טויערן פון פאָרד׳ן דעם 7־טן מערץ, 1932).

.1

סאַלוט דיין רויטן מאַרש, דעטראָיט!
סאַלוט דיין רויטן מאָנומענט —

פיר קעמפערישע לעבנס יונגע
אינגאַנצן אויסגעלאָשן, צענדליקער פאַרוואונדעט.
עס האָבן קירך און שטאָט געבענטשט די מערדערישע הענט,
וואָס האָבן קוילן אנשטאָט ברויט
דערלאַנגט צו דיין אַרמיי סאָלידאַרישער אין הונגער
און דורך דעם קאַמף אין אייניגקייט געבונדן.
סאַלוט! לויה רויטע... צו סאַקאָ און וואַנזעטי
איז צוגעקומען נאָך אַ צעטל...

אין „פּערי-האָל", אַ היים פון אַרבעטער געבויטע,
פיר קעמפער אין אַ ריי אין קאַסטנס ליגן טויטע.
אַרום, ווי כוואַליעס אָקעאַנישע, די גאַסן ברויזן
מיט מחנות האַרעפּאַשנע אין די צענער טויזנט;
נאָר אינעווייניק איז שאַ...
די ציינגער שווייגן, ווי שווערדן אין די שיידן;
און ס'הערט די ערן-וואַך אַ שפּראַך אַזאַ,
וואָס נאָר ביים לעצטן קוק די אויגן קאָנען ריידן.
און ניט קיין טרויער-טרער אויף דעם, וואָס איז פאַרלוירן, —
דער טויט האָט דאָ אַ נייעם רוף צום קאַמף געבוירן:

„מיר אויך מאַרשירן וועלן אויף דעם וועג
מיט אייער בלוט באַשפּריצטן. —
חברים! איר אייביק לעבן וועט
אין אונזער הערצן איינגעקריצטע.
און יעדער הערץ-קלאַפּ האַמערט אוים געווער,
און יעדער אויג-בליץ איז אַ שאַרפשטיין...
איר זיינט נישט טויט! איר זעט און הערט,
און גייט מיט אונז אין אַלע מאַרשן..."

דעטראָיט! דיין „פּערי-האָל" אין פראַצע'ס אָפּגעלייגטן ווינקל,
וואו ס'קומען זיך צונויף די טעכטער און די זין פון האַרעוואַניע,
דערהויבן האָט זיך איצט און האָט נאָך מער פאַרטונקלט
דעם רויבערישן גלאַנץ פון דיינע מויערן-טיטאַנען...
סאַלוט, דעטראָיט! סאַלוט, לויה רויטע!
אין יחוס'דיקן סוירקוס-פאַרק געזאָטן האָט דער צאָרן

פון האַרעפּאַשנעם פאָלק און ווייט צעגאַסן זיך אויף מיילן.
אומזיסט האָט דער בורזשוי אַ שוץ געזוכט אַהינטער דיקע שטאָרן; —
געפלויגן זיינען לאַזונגען, ווי שאַרפע, פלינקע פיילן:

„מיר ווילן ברויט — ניט קיין קוילן!
מיר ווילן ברויט ניט קיין קוילן!"
„מיר אַרבעטער — מיר האַרעווען די גאַנצע צייט —
און האָבן — גאַרנישט!
פאַרד לעבט אין וואָלטסטריט — האָט אַלץ פאַר זיך —
און אַרבעט ניט — אַ האָר נישט!"
„צעשמעטערן דעם בלוטיקן טראָר
פון אַלע אונטערדריקער!
שליסט אַרבעטער זיך אָן — מיט אונז אין ריי —
מיר — וועלן זיגן!..."

אַ ים אַנטבלויזטע קעפּ אויף וואַודוואַרד עוועניו צעוויגטער.
קיין אָנהייב און קיין סוף איז מיטן אויג ניט צו דערגרייכן. —
הער, וואָודוואַרד עוועניו, דו רוקנביין פון גרויס דעטראָיט:
„ניט קוילן ווילן מיר — מיר ווילן ברויט!"

סאַלוט, דעטראָיט! — ווי לאַנג צוריק ביי דיר אין היילאַנד־פּאַרק,
אויף אָט־דער עוועניו דער זעלבער,
האָט פאַרד צונויפגעיאָגט זיין גאַנצן „מענטשוואַרג"
פון זיינע שעפּער, ווי פון די שטאַלן — קעלבער,
מקבל־פּנים זיין, זיין הויכן גאַסט, דעם פּרעזידענט.
און איצט, אַהינטער זיינע פעסטונג־ווענט,
זיין דירבאָרן־באַהעלטער,
אודאי וואַרפט מיט אים אין היץ און קעלט,
ווען „זיינע הענט" אַ לאָז געטאָן זיך האָבן מיט אַזאַ צעשפּרייט
אין פולער לענג, אין גאַנצער ברייט
פון „פּערי־האָל" צו „וואָודמיר" דעם בית־עולם —
דורך האַרץ פון שטאָט און דורך פאַרנעמע גאַסן...
ניט בלינד מיט האַק אין האַנט דאָ טרעט אַ גולם, —
באַוואוסטזיין פירט די האַרעפּאַשנע מאַסן
צום קאַמף, מלחמה פון די קלאַסן...

אין ריי, אין ריי —
די קאַטאַפּאַלקן — ערע!
אין טראַט, אין טראַט —
קאַמיוגן, פּיאָנערן!
טריט־טראַט, טריט־טראַט —
ס׳איז לענין אונזער פירער!
אין קראַמף פון קאַמף
געפאַלן פיל מאַרטירער...
געזאַנג! שמעלץ רויט
פּראָלעטאַרישע באַגלייטער!
סאַלוט, דעטראַיט,
צו דער לויה רו׳יטער!...

.3

סאַלוט, דעטראַיט —
דיין וואָודמיר, וואו אַרבעטער דעם ברודער־קבר איצט פאַרמעגן,
צו פאַרד׳ן רעדט, צו זיין פאַבריק אין „ריווער־רוזש” אַנטקעגן,
און זאָגט מיט שטאָלץ:
ס׳האָט האַרעוואַניע דאָ ביי מיר פאַרזייט די בעסטע קערנער
פאַר ווייטערדיקע קאַמפן ביז לעצטער שלאַכט.
פון אָט־דעם בערגל ערד טראָגט זיך אַ רוף,
ווי פון דער זון די ליכטיק־העלע שטראַלן־הערנער:
איר, אַרבעטער, שטייט אויף!
פּראָלעטאַריער, דערוואַכט!...
ד—ע—ר—וו—אַ־אַ—כט!...
ניטאָ אַזעלכע טומלדיקע טעג אין שטעט אין ראַשיקסטע,
וואָס זאָלן אָט־דעם רוף פאַרטויבן;
ניטאָ אַזאַ פאַבריק, די האַסטיקסטע,
וואָס זאָל אין קאַך־גערויש דעם רוף צעשטויבן;
ניטאָ אַזעלכע נעכט, די קלעפּיקסטע,
וואָס זאָלן בינדן אים אין שלאָף און פון זיין קראַפט בארויבן.

דיין וואַלד מיט קוימענס, פאָרד.
דורך יעדן קוימען דיינעם, ווי דורך אַ רער צונויפגעשטעלטער,
דער רוף דרינגט דורך און קיינמאָל ניט פאַרפעלט ער,
און ס'הערט דער אַרבעטער, און פילט אים, און דערקענט אים...
שטיל-איין דעם ים, צי נעם דעם שטורעם און פאַרפענטע...
די קוימענס דיינע זיינען גוטע רערן, פאָרד.

דיין נעץ פון דראָטן, פאָרד,
און דיין געפלעכט פון בריקן און טונעלן,
און דיין קאָנווייער-פאַס, די „בעלט", אויף צענער צענער מיילן, —
דורך אַלע זיי דער רוף טוט איילן
דורך פלויטן, איבער שוועלן...
צו אַלע דיינע אַרבעטער-געשטעלן;
דער רוף וועט קיינמאָל ניט פאַרפעלן
דורך דיין קאָנווייער, פאָרד. —

פון אָט-דעם רוף וועסט ניט אַנטלויפן.
פון אָט-דעם ברודער-קבר צו מיר אָנגעטרויטן
שוין גייען אויף די קאַמפן רויטע —
סאַלוט!...

.4

פאַרטייעט שווייגט דער מיסטער פאָרד.
זיין ביקסן-ענטפער קאָן אַ קבר ניט פאַרסטראַשען,
ווי ס'קאָן ניט ער דאָס בלוט פון זיינע הענט פאַרוואַשן,
דאָס בלוט פון רויטן מאַנטיק...

נאָר ס'ענטפערט זיין פאַבריק מיט אירע קאָלאָסאַלע פראָנטן
און רופט זיך אָפּ:
סאַלוט, דעטראָיט! און הער מיך אויס!
איך וויל פאַר דיר מיין גאַנצן אינגעווייד אַנטפּלעקן,
ערשט דעמאָלסט וועסטו זען ווי גרויס,
ווי קאָלאָסאַל און גראַנדיעז
סע ווערט געטאַנצט ביי מיר צום ווילדן דזשעז
דער „ראָבאָט"-טאַנץ אויף טויזנט-זעקס-און-ניינציק אַקער,

אויף פערצן מייל שאָסייען פאַר די טראָקס מיט לאַסטן
און אויף די צוויי-און-ניינציק מייל אין רעלסן פאַר די אייזנבאַנען, —
אויף אָט-דעם גרויסן שטח מיינעם טאַנצט און פלאַקערט
די „עפּישענסי", און האַסטיקער פון האַסטיק
„ספּיד-אַפּ" טרייבט אָן. די „ראָבאָטס" אין געשפּאַנען
אָן אָטעם האַלטן נאָך
אין ראַד-געדריי, אין קאָך; —

אַקסלען — אַ הייב אַרויף, אַ פאַל אַראָפּ.
פלייצעס — אַ גלייך, אַ בויג, און פונקט צום טראָפּ.
רוקנס — געבראָכענע אין שטרענגער מי.
הענט — מעכאַניש קלאַפּ, מעכאַניש צי.
פיס — אַ טאָפּטש אַהער, אַ טאָפּטש אַהין.
קעפּ — ווי אָנגעשרויפטע, אָן אַ זין.
אויגן — ווי גלאָז פאַרשטויבטע, אָן אַ גלאַנץ.
ליפּן — פאַרביסן בלייך אין ראָבאָט-טאַנץ...

ווער האָט די פרייד פון שאַפן אויפגעפרעסן? —
סע האָבן דאָ באַדאַרפט גאָר טאַנצן די מעת-לעת'ן...
דער שוואונג און דער פאַרנעם, פאַרמעסט פון די פאַבריקן, —
זיי קאָנען דאָך דערפרייען און באַגליקן
דיין גאַנצן האַרעפּאַשנעם פאָלק און מער אַ סך.
און אַלע אַרבעטער פאַרשטייען גוט די שאַפונג-שפּראַך.
אין דורכשניט יעדן טאָג, דורך זיבן באַן-סיסטעמען,
וואַגאָנעס טויזנט ברענגען גוטס אַהער און גוטס צוריק פאַרנעמען.
די שיפן אין די צענדליקער צום ברעג אַהערצו ברענגען טאָנען
מאַטעריאַלן אַלערליי אין די מיליאָנען.
און פייעריק און אייפעריק פאַרשלינגען הייסע העלדזוער
פון אייזן-טיגל, שטאָל-פאַבריק און אויוון-שמעלצערס
די בערג מיט אַרץ און זאַמד, און קאַלך, און שטיין, —
און קאָכן אויס אין זיך דעם פעסטן רוקנביין
פון וועלט און לעבן בעסערע פאַר אים, דעם מענטש...

נאָר ניט דער באַלעבאָס... — געלעגן איז אין טרענטש
דער האָרעוואַניק און געקייט די האַרטע ערד,

אין יעטווידן טונעל די לונגען מיטן שטויב אַרויסגעשפּיגן,
געפּורעמט, און געמויערט, און געבויט און קיינמאָל ניט געקריגן
אַ טראָפּן פרייד פון שעפערישן אויפטו. די אַרבעט צום פאַרקויפן —
וואָס מאַכט דאָס אויס פאַר וועלכן צוועק, אויף וואָסער אופן?
די ברען-און-שמעלץ אויוונס, צי די מעכטיקע טורבינען
פון 150 טויזנט פערד קראַפט; די גלאָז-פאַבריק, אַט-דער וואולקאַן,
וואָס בריט דעם אַטעם אויך אין קילער שעה פון דעם באַגינען;
די קוזניעס, דאַמף-האַמערס — אַ גאַנצער קאַראַוואַן,
און וואַלץ-געוואַלגער-ריז קנעט שטאָל ווי טייג און שניידט אין
פרענטן;
מאַשינען פינקטלעכע צום האָר פאַר קאָמפּליצירטע אינסטרומענטן,
צעמענט און פעלד-באַמיסטיקונג, און שטאָפן כעמישע, און גאַזן...

אין סאַהאַראַ ווערט דער דאָרשטיקער געגאַרט פון די מיראַזשן, —
ביי מיר געגאַרט דער אַרבעטער איז לאַנג געשטאַנען,
געקליאַנטשעט פאַרן באַלעבאָס, געטשאַפּקעוועט פאַר זיינע הינט;
געוואוען געדולדיק, און געהאָפט, און געוואַרט, — ביז וואַנען
געפּלאַצט האָט די געדולד, געטאָן אַ רים זיך ווי אַ ווינט...
אַט די מאַכינע האָבן מיר מיט אונזערע הענט געבויט,
נאָר פאָרד האָט אַלדאָסגוטס און אונז פעלט ברויט...
געפּלאַצט האָט די געדולד...

אַנטקעגן מיר שטייסטו, וואָלאָדימיר, זינט איך בין געבוירן...
אודאי, נעמסטו ניט אַראָפּ דיין אויג פון מיר און זעסט,
ווי ס'פּלאַצן אויף די נעט פון מיינע קאָקס-קאַמערן,
און ס'רוקט אַרויס זיך פייער-וואַנט פון ענגן נעסט
און ס'דוכט, אַז אַט פאַרברענען וועט עס אַלע מיינע טויערן
מיט אַלע שווערע ריגלען און מיט די קלאַמערן; —
נאָר ס'האַמעווען דעם פלאַם די האָרעפּאַשנע הענט.
אַזוי געהאַמעוועט, דיסציפּלינירט, געגאַנגען זיינען זיי אַהער
נאָך אַרבעט און נאָך ברויט. געפּאָדערט, ניט געבעטן מער...
נאָר צי האָבן זיי דערוואַרטן גאָר געקענט
אַן איינציק וואָרט פון אים, דעם באַלעבאָס,
אַ חוץ אַ קלאַב און הייסן בליי אַ גאַס?...

פּראָדוקציע איז אַוועק ביי מיר אין אַ צעלאָזענעם קאַדריל,
און קאַפּיטאַל־שאַנטאַזש, אַ שיכור'ער, קוים שלעפּט די פיס.
ער פילט ווי אונטער אים שוין וואַקלט זיך דער דיל,
און גרויזאַמער, ברוטאַלישער אַלץ ווערט זיין ביס. —
און דאָרט, סאָוועטישער פינפיאָר־פּלאַן אַ ניכטערער דורכאַוים
מיט שפּעררישער פרייד ער לאַכט אין פּנים אוים
דעם שאַנטאַזשיסט.
אַודאַי וועט ניט אָפּלויפן אומזיסט
דער רויטער מאַגנטיק... און דיין רוף
אַלץ שטאַרקער שטייגט צו מיר אַרויף,
און בלייבן וועט ער ניט נאָר דאָ ביי מיר אין נעסט, —
דער האָרעוואַניק האָט באַוויזן שוין זיין ווילן פעסט,
זיין ווילן רויט,
ווען ס'האָט מאַרשירט די האָרעוואַניע פון דעטראָיט...
ס אַ ל ו ט ! —

.5

דעטראָיט —
איך האָב באַזונגען דיך אַמאָל, דיין ראַשן טעמפּ און שנעלן וואוקס
און דיינע געטאַם אָפּגעזונדערטע, און דיינע ראַסן;
דיין „שטאָלץ", דיין מיסטער פאָרד. דער כיטרער פוקס
האָט זיך אודאַי ניט געריכט, אַז וואָגן וועלן „זיינע" מאַסן
אַרויסצורופן אים אויף אָפענעם געפעכט;
אַז אייניק וועלן גיין דער נעגער מיט ווייסן
און קומען וועלן זיי ניט אונטערטעניק, ווי די קנעכט,
נאָר גאָר זיין „גוטסקייט" אים צוריק אין פּנים שמייסן.

און דיינע מויערן, דער יונגער וואַלד פון דיינע הימל־שיסער,
און די פּאַלאַצן דיינע אויף די בולוואַרן אויסגעפּוצטע,
ווי האָבן זיי געשרומפּן זיך, ווען ס'האָט ווי אַ געוויסער
פאַרפלייצט דיין וואַודוואָרד עוועניו, די פריצ'טע,
דיין אַרבעטער־אַרמיי געמישט פון אַלע הויט־קאָלירן,
אַז אַזש פּאָר שעה'ען לאַנג האָט ניט געקאָנט זיך רירן
דיין קאַלב דער גאָלדענער, און מיטן וואָגן פון געשעפטן
איז ער געבליבן שטעקן אַ געפּלעפטער.

דיין מעיאָר'ס פּאָליציייסקער, ווילדער ביק,
ווי האָט ער מיט די אויגן ווילד געדרייט,
ווען גלייך אויף אים אַ דריק געטאָן האָט באָלשעוויק
דער מאַרש אין פולן אויסגעשפּרייט.
און זי, דיין שכנ'טע, אָט־די צעיושעטע קאַנאַדע,
אַ שטאָך אין זייט האָט אויך דערפילט אודאי...

אַהאַי, דעטראָיט! דו מוסטער אויטאָ־מעטראָפּאָליע,
וואָס פון אַ דאָרף דו ביסט אין איבער־נאַכט געוואָרן
די מאַטאָר־שטאָט אויף קעסט אויף „אייביקע" ביי הענרי פאָרד'ן; —
פון שמאָלץ־גרוב זיינס געבליבן איז די גרוב נאָר אָלס דיין דאָליע,
ווען נאָר דער קריזיס מיט זיין טויטנבייטש איז צו דיר פאַרפאָרן
און זיך באַזעצט אויף אומבאַשטימטער צייט...
אַ! אַנדערש קלינגען איצט ביי דיר די מוטיקע אַקאָרדן
פון רוף צום קאַמף; און ברייט, און טיף, און ווייט
צעטראָגן האָסט דעם קעמפערישן רוף
הערי, אַרבעטער, וואַכט אויף!

די שבועה ביי דעם קעמפער־קבר, וואָס דו האָסט געגעבן
מיט פויסט געהויבענעם און מיט מאַזאָליעס־הענט,
האָט אויפגעטרייסלט אָלע שוואַרצע, בלינדע ווענט;
און דיך נאָך מער באַהעפט אין קאַמף אויף טויט און לעבן
האָט איצט דיין רויטער מאָמענט...
סאַלוט, דעטראָיט!

(1932)

# געאָרג דימיטראָוו

„איך פאַרטיידיק מיין פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערע ערע,
דעם אינהאַלט און זין פון מיין לעבן...‟
(פון דמיטראָווס רעדע ביי דעם רייכסטאַג־פייער פּראָצעס)

.1

ס׳איז פינצטער אין די תפיסה־צעלן.
אַ געלער שיין אין קאָרידאָר און קייטן אויף די הענט.
די ווילדע נאַצי־מאַכט קאָן ניט פאַרשטעלן
די וואָר, וואָס רייסט זיך דורך די דיקסטע ווענט.

זאַל פון גערעכטיקייט פון געבלס און צערגיבל
און נאָסקע־געָרינג אינדערמיטן;
און וואַן־דער־לובע זיצט אויף היטלער׳ס ביבל
און זאָגט ניט אויס, ווער ס׳האָט אויף אים געריטן...

אין זאַל איז שטיל, און ס׳פאַלן ווערטער, רויטע טראָפּנס;
דימיטראָוו רעדט, און יעדער וואָרט איז קלאַסנקאַמף געשיכטע.
און ס׳הערט אַ וועלט (ווער קאָן די אויערן פאַרשטאָפּן?)
ווי דער באַשולדיקטער באַשולדיקט זיינע ריכטער.

געאָרג דימיטראָוו, דער בולגאַר,
געאָרג, דימיטראָוו, דער „באַרבאַר‟,
דער קאָמוניסט אין נאַצישן געריכט.
זיין אויסרוף צו די נאַצי־הארן:
„און וואָסערע פּאַשיסטן זיינען ניט באַרבאַרן?‟...
געשלאָגן האָט די ריכטער אין געזיכט!

2.

שווערע שטילקייט שיילט די שטיינער.
מיטנאַכט מויערט מער די מורא.
וואַגשאָל וואַרפט זיך אין געוואַקל;
טויט און לעבן, — וועמענס גורל?...

זשעדנער זשאַווער פּרעסט אין טורמע
הויט און פלייש און ביין צוזאַמען...
— קאַמונאַרן! פרייהייטס-קעמפער! —
העלט אין הארץ אַ שטים פון וואַנען?

שווארצע שלעסער שליסן אויף זיך
פון אַ ריר פון אמת-שליסל.
געלער אַפּשיין רויט ווערט, רויטער.
שווערע שטילקייט ווערט צעריסן.

# אונטער דער האַק

„די האַק פון אַלטן דייטשן הענקער
האָט ווידער אָנגעהויבן צו אַרבעטן...״
(אַנרי באַרביוס.)

.1

די קוילער-האַק אין האַנט פון נאַצי-תליון —
צו מענטשלעך איז פאַר אים
מאָדערנע גיליאָטין
צו קעפּן קאַמוניסטן-קעמפער.
דורך האַק פון שווארצן מיטלאַלטער
ער שיקט זיין בלוטיק-שווארצן ענטפער
אויף יאַג און אַנלויף פון דער רויטער כוואַליע
און מיינט ער וועט דעם פלייץ ווי האַלץ צעשפּאַלטן...

די אָדע פינצטערע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
ניט זינגען וועט דער קומענדיקער קלאַסנלאָזער דור;
פון שווארצן טאָוול, אָפּגעזונדערט,
וועט יעדער בוכשטאַב ריידן יעדן טאָג אין יאָר:

דעם ערשטן אויגוסט, ניינצן דריי און דרייסיק,
אין טאָג פון אַרבעטער פּראָטעסטן
און קריג-דעם-קריג פאַרמעסטונג
געאַרבעט האָט דער נאַצי-הענקער פלייסיק;

אַראָפּגעלאָזט די מיטלאַלטער־האַק אויף שטאָלצע קעפּ
פון קעמפערישע האַרעפּאַשנע העלדן.
די ווילדע בעסטיע געוואָלט האָט מעלדן
איר זיג באַרבאַרישן פון עשאַפאָטן־טרעפּ.

האָט וואָלף דער אַרבעטער *) מיט זיין געביילטן פויסט
אין לעצטער רגע פאַר זיין טויט
צעשטערט די פרייד סאַדיסטישע, און רויט
זיין זעץ האָט אָפּגעהילכט אַזש אין די אויערן פון פויפּסט.

ניט סתם וואוילערגעריש ז'געווען פון וואָלף דער זשעסט;
דאָס איז געווען דער פּראָלעטאַרישער פאַרמעסט
פון זון פון מי און קעמפערישן ריטער, —
אַזש ס'האָט דער פיינט געטאָן אַ ציטער! —

די ווילדע בעסטיע מיט איר ברוטאַלער לאַפּע
האָט ניט געקאָנט דעם קעמפער'ס מוט צעקלאַפּן,
ווי ס'האָט דער ים מיט בלוט דורך איר פאַרגאָסן
קיין איין מאָל ניט דעם רויטן פונק פאַרלאָשן...

.2

איז הערט, פּאַשיסטן!
נעמט טראָגט צענויף דעם גאַנצן גאַרדעראָב מיט העמדלעך
אויף אייער מאַרק מיט מיסטן.
שטעלט אויף די ביידלעך אייערע, הענגט אוים די שנאה־פענדלעך, —
ס'איז לעצטער רוף, ס'איז לעצטע שעה...
די לופט ווערט פול מיט שטייפע טריט פון גרייפנדיקע מאַרשן;
זיי קומען אָן, זיי זיינען דאָ.

*) וואָלף, איינער פון די געקעפּטע קאָמוניסטן אין דייטשלאַנד, האָט אויף דער געווייגלעכער פראַגע פונ'ם תליון „וואָס איז זיין לעצטער וואונטש?" געענטפערט, אַז ער וואָלט געוואָלט זיך אַביסל לייטיש אויסציען. ווען מען האָט אויפגעבונדן זיינע הענט, האָט וואָלף דער אַרבעטער זיך גוט אַ צי געטאָן אין דער הויך און מיט געביילטן פויסט, אין אַ מינוט פאַר'ן טויט, אַ זעץ געטאָן אין מאָרדע איינעם פון די נאַציס, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט לעבן אים. פון דעם זעץ איז דער נאַצי געפאַלן אַ צעבלוטיקטער צו דר'ערד.

אונ איר, פּיראַטן, —
פאַרזאַמלט זיך אַרום די טעפּ מיט פלייש, אַרום די עמערס בלוט,
וואָס רינט פון נאַצי־קלאָץ אַראָפּ, און פרעסט דעם מאַלצייט זאַטן,
פאַרכלינעט זיך צום לעצטן מאָל. אין זיגרייכן מאַרשרוט
קומט אַרבעט אָן, און גרייט פאַר אייך איז האַרעפּאַשנער ענטפער:
פאַר יעדן אָפּגעהאַקטן קאָפּ — צען נייע קעמפער!
הערט דעם געזאַנג! — דאָס איז דער גום פון אַרבעט׳ס קראַפט
אינאיינעם;
אַרויסרוף! ניט געבעט, און ניט געוויינען.

3.

אַלץ נענטער, אַלץ שאַרפער
די ביטערע שטרייטן.
ווער איז ער, דער יענער,
וואָס האַלט זיך פון ווייטן? —

פאַר שונאים מיר האָבן
פון האַס אַ פאַרמעגן;
מיר גייען דורך קאַמפן
אויף ליכטיקע וועגן.

קיין מענטלעך מיר טוען
ניט אָן אויף געפילן;
מיר זיינען די ציינער,
די זשאַרנעס אין מילן.

מיר זיינען דער אויפרייס
אין פעלז און גראַניטן.
נייטראַל זיין איז פאַלש זיין,
באַטרוג — דער אינמיטן.

צעטיילט זיין איז אומגליק,
און זינד — די קאַפּריזן;
איין צוג אויף די נאַצים,
און טויט דעם פאַשיזם.

א צודעק, א פאַלשער —
דאָס שטיין פון דער ווייטן,
ווען ס׳ברענען אַלץ שאַרפער
די בלוטיקע שטרייטן.

אַראָפּ מיט׳ן דעק-טוך
און קום אויף געשלעגן! —
פאַר אייגענעם וואוילזיין
ווער שטעלט זיך אַנטקעגן!? —

.4

מוסאָלינישע פלעיאַדע:
וואַל-סטריט און פּילסודקים, היטלערס און מאַטשאַדאָס, —
אונטער מאַסקע (פאַשיסטישע מעטאָדן)
הענגט די האַק אין בלוט פון אַרבעטער געבאָדן;
נאָר פאַרשטאָפּן קאָנט איר ניט דעם קראַטער
פון וואולקאַן, דעם שטורמאַוויק.
שלאַגלעריש דער באָלשעוויק
האָט באַוויזן אויף דער ערד׳ס אַ זעקסטל,
ווי מיט וועלט-פּיראַט זיך צו פאַרמעסטן,
ווי די יוכע זיינע שטילן. —

ביי די זשאָרנעס אין די מילן,
אין פאַבריקן, אין זאַוואָדן
שטייט דער אַרבעטער באַלאָדן
מיט׳ן אויפבוי פון אַ וועלט אַ נייער;
וועט איר, מערדער, צאָלן טייער, טייער
פאַר פאָגראָמען, — פאַר מלחמות, פאַר די מאָרדן;
ס׳וועט ניט ווערן אייך פאַרגעסן
ניט קיין איינעם פון די האַק-פּראָצעסן...

(1933)

# דער זון פון מי

(אויפ׳ן טויט פון יעקב שייפער.)

פאַרשטילט זײַן קאַכיק האַרץ. זײַן אויג פאַרמאַכט...
און איבער העלד געפאַלענעם אין שלאַכט
שטייט ס׳גרויסע האַרעפּאַשנע פאָלק;
דער זון פון מי... אין מיטן פון אַקאָרד,
אין מיט פון „מיט־געזאַנג־אין־קאַמף״,
אין וואוקס פון אויפרוף: „אויף צום זיג!״,
געפאַלן טויט מיט אויסגעשטרעקטער האַנט.

ווער וועט פאַרנעמען איצט דײַן פּלאַץ,
געטרייער זינגער פון דײַן שטאַם?
די „פרײַהייט״־כאָרן, אַרבעטס שטאָלץ,
צעוואַקסן איבער גאַנצן לאַנד,
ווי צווייגן פון אַ דעמב אַ מעכטיקן
דורך דעם געשאַף פון דײַן מוזיק,
דו, יעקב שייפער, אונזער אייגענער!

געשליפן האָרעוואַניע׳ס שטים,
פון אַרבעט׳ס ברוסט געצויגן טאָן נאָך טאָן,
און אויסגעכאָוועט אַן אַרמיי
פון שטימען שאַליקע אין שיין געקלאַנג;
און איצט, צו לעצטער רו אין לעצט באַגלייט
פון חבר־דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר־רויט
מיט פויסט געהויבענעם דײַן נאָכפאָלג גייט.

פאַראויס געבויגן דײַן געשטאַלט:
איין האַנט אויף אינסטרומענט און צווייטע אויף פּאַפּיר;
„צוויי ברידער״ און „קיין איינציק שפּאַן״,
„געוויטער״ און די פרײַלעכס־מעלאָדיען...
אַ, פרײַנט און חבר אומפאַרגעסלעכער!
ס׳טראָגט מאַמע־מי איר זון אין האַרץ
און זינגט זײַן ליד, וואו אירע קאַמפן גליען.

(1936)

# ניט פרייט זיך, שונאים

(אויפן טויט פון דעם טייערן חבר מ. י. אָלגין)

גו, פרייט זיך שונאים, שוואַרצע פעלשער,
איר האָט געגאַרט ס'זאָל זיין פאַרלאָשן ס'גרויסע ליכט,
וואָס האָט מיט שפיזן אייך געשטאָכן גלייך אין האַרצן
און פאַר'ן האַרעפּאַשנעם פאָלק געוויזן אייער פּרצוף,
אָט דעם באַפּודערטן מיט „ווירדיקייט" געדיכט.

אין ערשטער ריי און שטענדיק אויף זיין פּאָסטן,
געפאַלן טויט איז אונזער קעמפער־וועטעראַן, —
נאָר ס'פלאַטערט הויך די פאָן אין האַנט פאַרשטייפטער!...
צי ווייסט איר, פינצטערע, און צי באַגרייפט איר,
ווען מענטש גיט דאָס בעסטע אָפּ, וואָס איז אין אים פאַראַן?

אָ, חבר טייערער! אָ, ליבער פריינט און לערער טרייער!
עס וואַקסט און וואָרגט אין האַלדז אַ קנויל...
דיין קלוגער צונג, דיין פען די שאַרפע
פאַריאָגט געווין, און רופט צום קאַמף, וואָס שרפה'ט,
מיט ברוסט אַנטקעגן באַיאָנעט און קויל.

פאַרוויטיקט און אין פּיין אַ פאָלק אַרום דיין אָרון;
אין טרויער־מאַרש דעם קאַפּיטאַן צו אייביק־רו באַגלייט.
פון מי די לעגיאָנען, צו־וועם אינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן,
דיין רויטן פאָדים שפינט און וועבט אַ נייעם לעבן, —
און דו דער פאַקל ביסט אין וועג צום זיג וואָס גייט.

ניט פרייט זיך שונאים און פאַררעטער!
ניט אויסגעלאָשן איז דאָס גרויסע ליכט!
קיין מאַסקע עס קאָן ניט פאַרשטעלן אייער פּרצוף,
און אייער טייוול־וואָונטש, דער שוואַרצער,
צערינען וועט, ווי רויך, אין פרייהייט'ס אָנגעזיכט...

(1939)

# כאַאָס

שטיקער, שטיקער, שטיקער —
אָנגעהורבעט,
אָנגעוואָרפן.
קופּעס ברוינע ערד.
אייזן, שטאָל און שטיין.
סטאַרטשען פון די בלינדע לעכער,
זשמוטן טויטע גראָז.

קאָרעס אָפּגעשונדן,
בוימער אויסגעוואָרצלט.
אויסגעמישט,
אָנגעשליידערט —
איז דאָס אַלץ צום בויען?
איז דאָס ניט צום בויען? —

שטיקער, שטיקער, שטיקער —
האַרץ און מוח.
אויסגעדרייטע גלידער,
לעבעדיקע בלוטן,
ציטערן אין אָפּגלאַנץ
פונ׳ם רויטן טאָג,
פון דער ווייסער נאַכט, —
ווער איז דאָ געפאַלן?
ווער איז דאָ ניט געפאַלן?

שטיקער, שטיקער, שטיקער —
קופּעסווייז און איינציקווייז.
אויפ׳ן פרייען פעלד
און אין ענגע גאַסן,
אָנגעזאַמלט,
און צונויפגעשלעפּט, —
ווער האָט דאָס געזאַמלט?
ווער האָט ניט געזאַמלט? —

שטיקער, שטיקער, שטיקער —
רעדער,
פּאַסן,
שרויפן,
און פּיסטאָנען.
הוילע ווענט,
קוימענס נאַקעטע,
חורבות, חורבות, חורבות —
ווער האָט דאָ געהוליעט?
ווער מיט בייזער חכמה,
ווער מיט ווילדער גבורה
האָט דאָס אַלץ פאַרלענדט? —
ווער האָט ניט פאַרלענדט? —

(1921)

## אייריש-מעק פון סאַן-פּידראָ

.1

אייריש-מעק פון סאַן-פּידראָ
איז אַ יונג מיט ביינער;
אין געשלעגן ס'האָט ביז איצט נאָך
ניט באַזיגט אים קיינער.

פון די שיפן לאָדט ער פיש אויס
מיט אַ נעץ — אַ שעפער.
ס'גייט געשיקט ביי אים די אַרבעט,
ווי דאָס ליים ביים טעפּער.

אין די הויכע גומי-שטיוול
פיס פאַרוואַרצלט זיכער;
קאָלנער אָפן, קאָפּ פאַרפּוצט
מיט געבלימלט טיכל.

חברה האָט פאַר אים גרויס אַפּשיי:
מוסקול הארט ווי קנאָכן;
און אַז מעק ברעכט אַן די ביינער —
איז דאָס אַנגעבראָכן!

נאָר זיין צונג, זי דינט אים שווערלעך, —
האַלט ניט מעק פון ווערטער.
ליבעס האָט ער אויפ׳ן טוצן,
טשאַטעס מיט באַשערטע...

וואָס-זשע רונצלט קנייטש אויף שטערן?
וואָס איז פאַר אַ טראַכטן?...
עך! דו איריש-מעק, הוליאַקע!
ס׳ווינקט דאָך דער פאַרנאַכט שוין...

פון דער אַרבעט צו די שענקלעך:
ביר און וויין און וואורשטלעך...
— „מעק, העי מעק! וואָסער טייוול?
ביסטו גאָרנישט דורשטיק?..."

מעק פייפט אויס אַ מאָדנעם ניגון, —
גאָר ניט פון דעם האָפן...
שפּרייזט אַוועק אַהין צום דערפל —
פישער-יונגען גאָפן.

.2

סאַן-פּידראָ דאָס שטעטל — אַ זוניקס, אַ זודיקס.
סאַן-פּידראָ דער האָפן — אין פליאַמעס און ברודיק.
פונוווייטנס די „נעיווי" אין גרויע געשטאַלטן,
און איבערן וואָסער פישערייען צעפּראַלטע.
אויף טערמינאַל-אינזל באַזונדערס אַ וועלטל;
אַ ישוב — ניט הייזער און ניט קיין געצעלטן.

און שמאַלינקע ליקלעך דאָ דינען פאַר גאַסן,
און שטיבלעך געפּאַקטע, מען וואוינט דאָ אין מאַסן.

— ?ווער וואוינט דאָ? יאַפּאַנער? צי אפשר כינעזער
ס׳באַווייזט זיך אַ צורה און — ווי ניט געוועזן...
די נעצן, וואָס הענגען אויף הויקערע פּלויטן,
דערציילן פון אַרבעט, דערציילן פון נויטן.

ס׳האָט מעק אָט די מענטשן ניט־איינמאָל באַגעגנט
אין בייכער פון שיפן, אויף זאַלציקע ברעגן
און שטענדיק געוויכט זיי, די אייביקע שווייגער;
אַ פֿאָלק אַזאַ פרעמדע, אָן שטאָלץ און אָן נייגיר, —
די הענט אין די אַרבל, און שלייכן ווי שאָטנס,
און כאַטקעס — קאָנורעס פון ליים און פון בלאָטע.

מען שלעפּט, ווי די אייזלען, די לאַסטן, די שווערע
פּאָר לוין אַזאַ נישטיקס, קוים זיך צו דערנערן, —
און יעדער באַלאָדן מיט ווייב און מיט קינדער...
די פעל פון אָזעלכע, די פעל אַראָפּשינדן! —
און ס׳האָבן ביי מעק׳ן די הענט זיך געביסן;
די געלע טייוואַלים — ער וואָלט זיי צעריסן...

.3

באַנאַכט. אין נעפּל איינגעדעקט דער האַפן,
און שפּיזלעך ליכט אויף וויגנדיקע מאַסטן.
אין פיש־געררוך איז אויסגעווייקט דער אינזל,
ס׳ליגט „טערמינאַל״ צעוואָרפן און צעכראַסטעט.

פון ערגעץ־וואו אַ שיין אַהינטער לאָדן.
אַ האַווקע פון אַ הונט, אָן אָפּרוף פון אַ צווייטן.
מעק שפּייט און שלוקערצט. מיט די פיס ער פּלאָנטערט
פאַרביי די ליקלעך שמאָלע און צעדרייטע.

אַ הויז פון בלעך און ברעטער, און אין הויז — גערודער.
מעק קוקט און קוקט... „זע, אָט אַ זאַך טשיקאַווע!
די „טשינקס״ — אַ „מאַב״... „וואָט דהי העל״ — אַ מיטינג?
און איינער רעדט מיט היץ, און אַלע פּאַטשן בראַוואָ...

דער בלאָנדער חברה-מאַן, וואָס רעדט, אַ הויכער און אַ דארער;
מעק וואָלט מיט נאָר אַ בלאָז אַוועקגעלייגט אַזעלכן, —
נאָר אָט אַ צונג, אַ פייערדיקס אַזאַ און סמאַליעט...
ווי קומט ער גאָר אַהער, אין אָט-דעם „טשינקי"-שטעלכל? —

און האַלט זיך דאָ מיט זיי — אַ גלייכער מיט אַ גלייכן;
און אויגן צוגעשמידט צו אים — אַן אייגענער, אַ נאָנטער;
און ס'טוט געזאַנג אַ פלייץ, מען הויבט זיך פון די ערטער...
מעק שטרענגט זיך אָן: די טענער אים באַקאַנטע...

אין סטרייקס צעפלאַקערטע אין האַפן פון סאַן-פּידראָ
ער האָט געהערט די טענער קלינגען אויף די ברעגן.
אים דוכט, ער קאָן דעם יונג, דעם בלאָנדן...
מעק טוט אַ שפּרייז צום שוועל פון הויז אַנטקעגן.

אים טוט אַ בלענד אַ פּאַס מיט ליכט אַ שאַרפער;
פון טיר אַ מענטשן-גוס באַריידעוודיק און מונטער.
מעק שטרעקט די האַנט: „העלאָ, אָלד פעל, יו בלאָנדי!..."
און וואַקלענדיק ער האַלט אים נאָך ביז צום ברעג אַרונטער.

און ווען דער זוים פון טאָג גענומען האָט שאַריען,
אַ ניכטערער איז מעק אַהיים צו זיך געקומען, —
אין נעפּל פון דער נאַכט איז אים אַ שטערן אויפגעגאַנגען
און ניט געלאָשן זיך, און ניט אַנטרונען...

.4

פיש-סעזאָן: טונאַ און סאַרדעלן.
אַרבעט שוימט און כוואַליעט.
שיפן אַנגעלאָדן שפּאַרן, —
ס'קרעכצן אַזש די פּאַליעס.

איריש-מעק איז פלינק — אַ רוח,
מוסקול — אַנגעצויגן;
נייט זיין שעפער, ווי אויף שרויפן,
ווי אַ פייל פון בויגן.

א קאָנווייער ציט פון ברעג זיך
צו די פישערייען ;
שטום פון וואַסער צו די קעסלען, —
ס'קאָנען פיש ניט שרייען.

טישן — מיילן, און אַרום זיי
א געמיש פון ראַסן.
ווי א האָר ביי פאָרד'ן אויטאָס, —
קענדלעך אויף די פאַסן.

שמעלצער שמעלצן צין אין שטרעמלעך ;
ס'זשומען פייער-בינען.
זידן דעקלעך צו די בלעכלעך.
מוטנע ריטשקעס רינען.

טאַטשקעס יאָגן פול-געפאַקטע ;
די וואַגאָנעס גרייטע.
קעלט פון אונטן, היץ פון אויבן,
ראַד-פּראָדוקציע דרייט זיך.

מיידלעך, יונגען אין געטרייסל,
ווי פון ווינט די זאַנגען.
פינף-און-צוואַנציק סענט א שטונדע —
און די שטונדן לאַנגע . . .

.5

פאַרהאַקט און סטאָפּ . . .
פאַרשטומט דער גראַגער פון קאָנווייער.
א פיש געבליבן הענגען מיטן קאָפּ אַראָפּ,
מיט אויג-בורשטין פאַרגלייזטן.
דער הויב-קראַן אַריינגעביסן שפּיציק צאָן
אין אָנגעפּוישטן קויש מיט פיש,
און ניט אַהער און ניט אַהין.
די וואַסער-קישקע גוי-ס-סעט, גוי-ס-ס-ס-עט,
און טוט א כאָרכל . . . אוים !
די שטרעמלעך צין — קאַלט, פאַרגליווערט,

ווי ליכטלעך אייז אויף סטריכעס.
ס'האָט שטאָליק האַנט פאַרקוועטשט דעם אָטעם
פון אַלע פישערייען...
און שיפן, שעפער, נעצן און מאַשינעס
פאַרשטומטע שווייגן, ווי די שלייען.

די מענטשן: טונקעלע, ווייסע, געלע, —
צונויפגעלייגט די הענט פאַרשמירטע
און שמייכלענדיק מען פירט געמיטלעך
אַ שמועס שטיל, און העכער;
דערנאָך, צוביסלעך מען צעזינגט זיך...
די ווערטער מאָדנע, קלינגען פרעמד,
נאָר דער מאָטיוו-געוועב בלייבט איינער
פון: „סאָלידאַריטי פאָר עווער..."

און אויף געשטעל, אויף הויכן,
אין מיט פון בערג קאָנסערוון
שטייט איריש-מעק, אַ בראָנזענע סטאַטוע,
די גומי-שטיוול ברייט צעפאָלדעט,
און דיריגירט דעם כאָר געמישטן;
און ס'קלאַפּן אים צום טאַקט צו
די בלעכלעך אויף די טישן.

געפּלעפט לויפט אַן דער הויפּט-פאַרוואַלטער
און נעמט די הענט פאַנאַנדער:
„אַ זיץ-סטרייק... ווער? די נישטן? —"
ער וואַרפט אַ קוק אויף מעק'ן
מיט די פּיס צעשפּרייטע,
און שרייט: אַרויס פונדאַנען,
דו „פאַרעין עדזשיטעיטאָר!..."

.6

סטרייק איז געוואונען, אַ זיג, אַ דערגרייכונג.
איירש-מעק פילט זיך, אים וואַקסן אַן כוחות.

ווידער ער לאָדט אוים די פיש פון די שיפן;
איריש-מעק באָדט זיך אין פרישע באַגריפן.

ווייזט זיך אַ צורה פון ליקלעך אַנטקעגן, —
בייסן די הענט ניט צו גיין אין געשלעגן.

נייע פאַרלאַנגען אין הארצן אים נאָגן, —
וואָלט ער נאָר ווערטער אַזויפיל פאַרמאָגן.

ער, אָט דער „בלאַנדי", אַ צונג אַזאַ שאַרפער, —
היינט איז אַ מיטינג, און זען אים באַדאַרף ער.

האָט ער קיין צייט ניט פאַר ווייַן און פאַר וואורשטלעך;
ס'וועט מער ניט שטילן דעם הונגער און דורשט אים...

איריש-מעק פייפט אוים אַ ליד —, ניט פון האַפן —,
פישער-לייט הערן, און קוקן, און גאַפן...

(1938)

# אַ זעגל אין שטורעם...

(2טער טייל פון דער פּאָעמע „איריש-מעק פון סאַן-פּידראָ")

.1

פון סאַן-פּידראָ ביז צו לאָנג-ביטש
מיטן האַנט איז צו דערלאַנגען.
קומט דער אָוונט, צינדן אַן זיך
„קאַליענטע" און די „טאַנגאַ".

געמבלינג-שיפן, און ווי דאַמען
אין געוויג אויף היפּטן שווערע;
ווייט פון ברעג און פון געזעצן, —
הימל, וואַסער, נאַכט און שטערן.

די רולעטקעס אין אַ וויכער,
קאָרטן פאַלן — גליטש אויף פּוטער,

ליפּן צוקן, אויגן ברענען,
אָטעם קורץ און בליק צעפּלוטעט.

היין און קריק די שיפּלעך-טעקסים;
אויסגעלאָדן, אָפּגעצויגן.
„קאָליענטע" און די „טאַנגאָ"
פול מיט מענטשן, ווי מיט רויגן.

ביי די ווענט אין לאַנגע רייען
ווינקען, רופן סלאָט-מאַשינען;
שפּיל מטבעות, אויב דו קענסט נישט
די רולעטקע זיך פאַרגינען.

עס און טרינק, און טאַנץ, און הוליע,
שפּיל מיט מזל, צייט ניט פּטר...
דזשעז-אָרקעסטער בייט די טענער
צום עפעקט פון ליכט-געפלאַטער.

אָט צעגיסט זיך לוסט פאַרשייטע,
אָט אַ שושקע, שטיל געלאַסן;
פאַרלעך אויף די גלאַטע דילן
שווימען, ווי די פיש אין וואַסער.

אַלע טישלעך ענג באַזעצטע.
אין געשוועב די פלינקע סאַרווער.
דאָ און דאָרט אַ יונג, אַ רויער,
מיט די בליקן פון אַ שפּאַרבער...

איריש-מעק — אַ גאַסט געווינטשטער;
אָט אַ קונד און גוטער ברודער!
לייגט אַ האַנט צו פריי און גערן,
ווען סע מאַכט זיך אַ גערודער...

און די מיידלעך, ווי די פליגן
אַרום אים, ווי ניט צו קיינעם;

אַז אַ האָרץ — אַזאַ־אַ ברייטע,
און אַ יונג אַזאַ מיט ביינער.

וואָס־זשע איז געשען מיט מעק׳ן ?
שוין אַ צייט אים ניט געזען דאָ.
אַט אַ שאָד, אַזאַ מין בחור
גוט צום האַנט אים האָבן שטענדיק . . .

עפּעס לויערט דאָ פאַרדעכטיקס
צווישן דינערשאַפט־געזינדל ;
און לאָרעטאַ, אַט די נייע,
ווי אַ קנופּ אין זיך פאַרבונדן.

ים און נאַכט צעגויפגעשמאָלצן,
געמבלינג־שיפן וועלפיש קוקן ; — —
אויף אַ סטרייק ווער קאָן זיך ריכטן,
אַז אַהער זאָל זיך פאַררוקן ? !

.2

דער פּיקעט, אַ קייט ווי פאַרצויגן ביים האַפן ;
ביז וואַנען, ביז וואַנען צו זיין אונטער קנאַפּל ? . . .
דעם ים־פלאַך צעשמייכלט און ווינקט, ווי אַ שטיפער ;
אים פּאַסעוועט מער ניט דער וועג צו די שיפן.
די טעקסים פאַראַנקערט, פלאַקאַטן צעהאַנגען,
אין שרעק „קאַליענטע”, און ס׳ציטערט די „טאַנגאַ”.
מאַרינען און פישער פון טערמינאַל־אינדזל
געקומען אַהערצו אויף ברודערשאַפט בינדן ;
און מעק איז אינמיטן, אַ פירער אַ גאַנצער,
און ס׳שטאַרקט זיך דער פּיקעט, אַ שטאָלענער פּאַנצער.

אין טונקעלן נעפּל די פייערלעך בלאַסע
צעפּלעטשט און צעשוואַומען אין נאַכטיקן וואַסער ;
אַ קעלט טוט אַ צי און ווייעט אַן אומעט,
נאָר מעק טוט אַ קנאַק מיטן צונג אָן דעם גומען :

„העי, חברה, אַ ניגון, אַ ניגון אַהערצו!
אַזש וואָרים זאָל ווערן אין פּראַקטיקע הערצער...״

צעוואָרימט די בלוטן אין לידער פון אחדות,
דערמוטיקט דערפילט זיך אפילו דער פּחדן.
ווערט פעסטער, געדיכטער די רײ אָרום האָפן, —
און ס׳וואַקסט אָן אַ צוטרוי, אַ פרײנטשאַפט אַ זאַפטיקס;
נאָר פּלוצלונג פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן
אַ באַנדע בויאַנעס מיט קאַרקן פון אָקסן;
פאַרטשעפּעט, געשטויסן, אויף ווענט זיך געריסן, —
און ס׳האָבן ביי מעק׳ן די הענט זיך צעביסן.
אין נאָז און אין צורה, און וואו נאָר געטראָפן,
ביז ליפּן צעשפּאָלטן און אויגן פאַרלאָפן,
צע׳מזיקט, צ׳הרג׳עט —, ניט דאָס אָבער אַרט אים;
די מוסקולן שטײפע און הויט איז אַ האַרטע.
ביז ביין אים פאַרדריסט גאָר, — אַרויס פון די כלים...
אַ בושה, אַ חרפּה, אַ שאַנד צו דערציילן —
ווי וואָלט ער אַליין זיך געטאָן איצט אַ בריקע:
אַזוי צו פאַרשוועכן דעם פרידלעכן פּיקעט...

מעק גיט זיך אין האַרצן אַ צוזאָג אַ האַרבן:
די הענט זיינע צוימען; אַ־ניט, זאָל ער שטאַרבן!
ער גלײכט אויס די פּלײצעס, אַראָפּ מיט דער משא, —
און אָט אים אַנטקעגן צעזונגען די גאַס איז, —
צוויי וואָרימע אויגן אים קוקן אין פּנים...
צי איז דאָס לאָרעטאַ, וואָס וויל אים דערמאָנען
אָן צייטן פאַרלאָפן און לאַנג שוין פאַרשוואומען?
צי איז אים דער נעכטן צו חלום געקומען? —
און ביידע אין שטוינונג אַ לאָז זיך אַנטקעגן;
אַזויפיל צו ריידן, אַזויפיל צו פרעגן...

.3

אַ מענטשנס זכרון — אַ קאַמער פאַרמאַכטער,
וואו ס׳זאַמלט זיך ברוכווארג פון לעבן פאַרבראַכטן;

און קומט אַ באַגעגניש אַזוי אומדערוואַרטעט
און מישט אויף די בלעטלעך פון יאָרן פאַרשאַרטע.

ס׳שטייט אויף פאַר לאַרעטאַן לאָס אַנג׳לעסער פּלאַזאַ,
וואו יאָרן, די בעסטע, צעטרענצלט, צעבראַזגעט;
די האָליוואָוד־טרוימען, ווי רויך אויסגערונען,
דערנאָך אויף דער פּלאַזאַ אַ ווינקל געפונען;
פון דאָרט זיך פאַרקייקלט צו מעקסיקאַ געסל,
וואו ס׳קומען טשיקאַווע צו זויפן און פרעסן,
און וואַרפן אַ דאַים־צו צו טענצער און זינגער,
און שלינגען די מיידלעך, און לעקן די צינגער,
און ס׳שטייען די טעג אויף, די נעכט אויסגעהוילטע,
וואָס ברענגען און לאָזן די ריחות פאַרפוילטע;
פאַרטויבט פון דעם טומל, און שטענדיג זיך יאָגן, —
אין שלאָף ערשט פאַרזינקען אין גרויע פאַרטאָגן...

פאַר מעק׳ן צעקייטלען זיך שענקען פאַררויכערט,
און ווילדע הוליאַנקעס ביז בלייבן אָן כוחות.
נעגאַסן אין האַלדז זיך פון פלעשער דעם ליקער
ביז פּעני, די לעצטע, געווען איז פאַר׳שכור׳ט;
געטיילט זיך מיט מעשות פון גאָרנישט געשטויגן,
און פּלוצלונג צעוויינט זיך מיט שכור׳ע אויגן;
געוויגט זיך, געשלוקערצט, געפּלאָנטעט אויף וועגן,
און צאָרן צעגאָסן אין פרעמדע געשלעגן.
אַזוי־אַ צעבויטעט, ווי כוואַליעס צעטורעמט;
אַן קאַמפּאַס, אַן רודער, אַ זעגל אין שטורעם.
אַהיים קוים דערשלעפּט זיך, אויף בעטל אויף הארטער,
אין אָנטאָן אַ פאַל טאָן אין שלאָף, אין פאַרשטאַרטן...

און ס׳מישט זיך אַ בלאַט אויף, אַ בלאַט פאַר זייביידן,
די אַלטע געשיכטע פון בחור און מיידל;
די ליבע, די רויע, דער חשד פון פאַררעטן,
פאַרטרונקען מיט וויין ביי אַ מאַלצייט אַ זאַטן,
און ווידער געקושט זיך און ווידער געביסן,
ביז איינמאָל, אויף שטענדיג, אינגאַנצן צעריסן...

ס׳האָט גאָסי, די קעכין, לאַרעטאַ׳ן פאַרנומען,
געשטעלט זי אויף אַרבעט, אַריין אין דער יוניאָן, —
און איצט אויפ׳ן פּיקעט גאָר מעק׳ן געטראָפן...
ס׳איז נאָר ווי אין ביכער אַ מעשה פאַרלאָפן.

.4

פרימאָרגן, קיל, אין פעלד פון נעפּל איינגעוויקלט.
די פלעקן אויל ביים ברעג, ווי אָפּגעלעקטע גריוון;
און ס׳באַרעט זיך די זון דורך בלוי און גרין אַ שטיקל,
און שיט מיט נאָדלען גאָלד אין שיסל פון פאַליווע.

די גאַסנקערער ווישן־אָפּ דעם שוויים פון ברוק געמיינעם
און קאַמען אוים מיט בערשט די שרינט אינמיטן,
אַ שאַר־צונויף דאָס מיסט מיט שטיקער העמד אינאיינעם, —
און שמוצערן: „אַי, האָט דער מעק די חברה דאָ געשניטן...״

וואו מעק דערלאַנגט, קיין האָר וועט דאָרט ניט וואַקסן,
נאָר פאָליציייסקער קלאָב קאָן שטאַרקסטן ביין צעברעכן;
אָט נאָ דיר, מעק, זיך איינצושטעלן פאַר דעם איד, דעם מאַקס׳ן,
נו, האָט די פאָליציי מיט אים אַליין זיך גוט צערעכנט.

זיצט איירישע־מעק פאַרשפּאַרט אַהינטער גראַטעס.
די לופט אין צעל איז איבלדיק, עם קערט צום ברעכן.
ער בענקט נאָך זיינע פישער־לייט, די כוואַטעס,
און וויל דערגרונטעווען אין וואָס איז זיין פאַרברעכן?

ער האָט דאָך נאָר געזעצט אין מאַרדעס פון בויאָנעס;
געקומען זענען זיי די רו צו שטערן...
פאַרוואָס־זשע איז פון זיי קיין איינער ניט פאַראַנען
אָט־דאָ מיט אים? — ווי דאַרף מען דאָס דערקלערן? —

און ס׳ציען זיך די טעג, ווי פעך און סמאָלע;
געקומען אים באַזוכן איז דער „בלאַנדי״ מיט אַ שמייכל,
אַ בוך געבראַכט, באַהאַלטן אונטער פאָלע,
און זאָגט: נעם לייען דורך און נעם זיך אָן מיט שכל.

זיצט מעק פּאַררוקט אין ווייטן ווינקל
און קנייטשט דעם שטערן, טייטלט מיטן פינגער;
זיין קוק אַט לעשט זיך, און אַט צעפינקלט,
און אויפ'ן הארצן ווערט אים גרינגער.

און ווען אַרויסגעלאָזן פון דער תפיסה,
און פרייער אָטעם לאָזט זיך צו דערשפּירן,
מעק פילט, ווי ס'וואָלט אַ וואונדער־שליסל
פאַר אים צעעפנט אַלע טירן.

דער „טערמינאַל" אים פריילעך קוקט אין פּנים,
ווי ס'וואָלט אויף יום־טוב אים פאַרבעטן;
און פישער־יונגען שאַלן אוים זיין נאָמען,
און אויפ'ן האלדז אים פאַלט לאָרעטאַ.

.5

דער שאַרפשטיין פון דערפאַרונג
איז פון די בעסטע שלייפער;
עס ברייטערט אוים דעם ווילן,
און מאַכט דעם מוח רייפער.

אַ וועלט אַזוי צעקנוידערט,
נו, גיי צענעם דעם פּלאָנטער;
נאָר מעק וויל זיין געדולדיק,
און שטוּפּענג פון זיך דאָס מאָנט ער.

אין צוים אַליין זיך האַלטן,
ווען פרייז אפילו טייער;
דער בוך פון גוטן „בלאָנדי"
עס קומט אים אויפ'ן רעיון.

און ס'וואַקסן אַן געדאַנקען,
און קליידן זיך אין לשון;
און מעק דערקלערט אַן ענין
מיט מיטלען פון אַ משל.

מיט פיפקעס אין די מיילער
די פישער־לייט, זיי גאַפן:
העי, מעק! דו ווערסט אַ שווימער,
דו לייגסט דאָך גרויסע קלאַפּטער!

און קומט דער קילער אָוונט
אויף ווייכע, קלאָרע זאַמדן, —
אין קרייז אַ הייסער שמועס
צעוויקלט זיך פאַנאַנדער.

פון בירגער־קריג אין שפּאַניע,
פון נאַצי־פּויסט אין דייטשלאַנד;
געשפּאַנט מען הערט די נייסן,
און מעק איז דער פאַרטייטשער.

און ס'דוכט, אַ זעגל וועבט זיך
פון אויסגעגעפּרואווטע פעדים,
וואָס ווערט פון גרעסטן שטורעם
אַרויסגיין אומבאַשעדיקט...
(1939)

## וואָלונטירן...

(שלוס־קאַפּיטל פון „איריש־מעק")

.1

די שריפה אין שפּאַניע, דער פלאַם פון פאַרראַט,
און אויל אויפ'ן פייער געגאָסן...
ווי שוואַרץ איז די זינד פאַר'ן בינדן די הענט,
וואָס וואָלטן דעם פייער פאַרלאָשן!

אַ פרייד פאַר די קוילער, באַגרעבער פון פאָלק; —
זיי פירן די פרייהייט צו שחיטה.
עס שעמט זיך דער רידל, באַהאַלט זיך אין גרוב,
ס'פאַרדעקט זיך דעם פנים די מיטה.

און שפּאַניע צעעפנט איר אוצר פון גאָלד
פאַר ביקס און פאַר קויל צו באַצאָלן.
פאַרהאַקט דער אָרום איז, און ס'רוקט זיך אויף איר
די זשאַרגע, און גרייט זי צעמאָלן.

און ס'ראַנגלט זיך שפּאַניע מיט נאַקעטע הענט
אַנטקעגן אַ שונא באַפּאַנצערט;
און ס'מעלדן זיך קעמפער און אָפּערן זיך
פאַר פאָלק און פאַר פרייהייט אינגאַנצן.

און די וואָלונטירן, די מוטיקע זין,
זיי גיסן אָן שפּאַניע מיט גלויבן;
און מעק און לאָרעטאָ, אינאייינעם אַהין
זיי פירן אַ פּאַק מיט דערהויבונג.

אויף אים וואַרט דער טרענטש און אויף איר דער שפּיטאָל, —
און ס'בושעוועט דאָרטן דער פייער...
עך! וואָלט ער געקאָנט איצט אַ מחנה מיט זיך
אַהינצו צו ברענגען צושטייער! —

מעק רייסט אויף זיין העמדל און שטעלט אויס די ברוסט:
צעבלאָז זיך, דו ים-ווינט, דו פרייער! —
ער פּעטשלט די שיף אָן: נו, שווים-זשע געשווינט!
אַ טאָג און אַ שעה זיינען טייער...

אַראָפּ פון דער שיף און אַ לאָז זיך אין וועג
דורך פעלז, און דורך שטיין, און דורך דאָרן;
נאָר אָט איז שוין שפּאַניע, און מעק פּאַקט שוין אויס
זיין גבורה און קאָכיקן צאָרן.

.2

„סאַלוד! אַמיגאָ, קאַמפּאַניעראָ!" — — — —
און מעק דערפילט אין זיינע גלידער
אַ שטראָם אַ וואַרימען פון פריינט און ברידער;

און היים צעצינדן זיך ביי אים די אויגן,
ווי ס'וואָלט די זון אַהין אַריינגעפלויגן
און אים אַ קוש געטאָן אין שטערן.
אין ברוסט ווערט ענג פון פרייד צעשפרייטער,
אַז אַזש דאָס האַרץ אַרויסצושפּרינגען גרייט איז.

אין טרענטש און אין באַראַקן
חברים אַלע — האַרט געבאַקן
אין ברען פון קאַמף, אין היץ פון שלאַכט;
און ווען ס'קומט אָן אַמאָל אַ נאַכט, —
ווי גוט מיט זיי איז מיט-צוזינגען!
די ווערטער — פרעמד, און ווי זיי דרינגען
אין האַרצן טיף!
ווי אויף אַ וואונד אַ היילונג טריפט!
דער שפּראַך-געמיש
ווערט אָפּגעווישט,
און אַלץ ווערט קלאָר, און גוט פאַרשטאַנען,
ווי שפּראַך דער מאַמע'ס.

אַרום דער געגנט ליגט פון אויפרייסן צעראָיעט,
און אין דער הויך דער טויט פליט אום און וואָיעט;
פון פויער'ס שטוב די הויט אַראָפּגעריסן,
און דאַך און ווענט פון פייער-ציין צעביסן;
נאָר זי, די פויערטע, געבראַכט אַ קוישל פרוכט
און בעט זיך: קאָמפּאַניעראָס, נעמט, פאַרזוכט...
און מעק דערפילט, די אויגן ווערן נאָס, —
און שטאַרקער צינדט זיך אָן צום פיינט דער האָס.

.3

צערודערט גייט די צייט און ציילט די קאַרבן,
וואָס צינגל אויפ'ן וואָגשאָל צייגט,
און אויפ'ן וואָגשאָל שפּאַניע הענגט.
נאָר מעק שוין ציילט ניט מער די שלאַכטן;
אַזויפיל דורכגעמאַכט שוין, — ווער געדענקט?

ער זעט, ווי ס׳ראַנגלט זיך אַ צווייג
פון בוים אַראָפּגעריסן,
און ס׳האַלט זיך אויף אַ הייטל דין אַן שטאַם
און וויל ניט מיט׳ן טויט
קיין שלום שליסן.

די ערד, די וועלדלעך פון אַליוון,
די פעלדער און די גערטנער, —
גערופן האָט פון אַלץ: נקמה!
און דעם געשריי נאָר הערט ער...

אין אויפרייס פון מעטאַל,
אין אויפהויב פון די הענט פון דעם,
וואָס פאַלט פון שונא׳ס קויל;
אין קרעכץ פון דעם פאַרוואונדעטן, —
פון אומעטום געשטיגן איז די שטים
און טיף אין מאַרך געעגבערט אים:

„אויף נאַצי־שטערן קופּערנעם
דער קין־צייכן ברענט.
די ציין אין האַלדז פאַרשטופּן אים!
דעם אשמדאי פאַרלענד!״

.4

באַגינען. ס׳רויכערט זיך דער שפּיץ פון באַרג.
דער נעפּל האָט זיך אויפ׳ן קאַרק
די פּעק מיט וואָל צעהאַנגען
און האַלט דעם שפּראָץ פון טאָג געפאַנגען.

די שלאַכט געגאַנגען איז די גאַנצע נאַכט.
מעק האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט;
נאָר מיט׳ן אָנקום פון פאַרטאָג
אין שלאַכט באַנייטער זיך אַ יאָג,
און ווער עס קומט אין זיינע הענט,
דער ווערט פאַרלענדט.

צעראַיעט סמאַליעט זיך די ערד אַרום,
און מיט׳ן נעפּל באַרעט זיך די זון.
געמישט מיט שטויב, אין פּלי אַרויף,
צעפליקטע גלידער, שטיקער גוף,
און ווי אַ האָגל פון שראַפּנעל
דעם טויט צו ברענגען ניט פאַרפעלט.

און אין געווירבל פון געטראַך
מעק קלערט ניט פון אַנדער זאַך,
נאָר פון נקמה פון דעם פיינט...
און ווען די זון האָט אויפגעשיינט
און האָט דערזען, ווי איריש-מעק
געטאָן אַ ציִ זיך אויס, אַ פאַל אַוועק,
און שטאָל צעגליטער איבער אים, —
זי האָט די שטראַלן אינדערקרים
אויף העלפט אַ בראָך געטאָן,
און זיך אין נעפּל-אַש פאַרטאָן...

5.

אַ ים פון וויי, און מעק אין אים,
און ניט ער גייט, און ניט ער שווימט,
און אַלץ צעמישט זיך אין געדאַנק:
וואָס טוט ער דאָ? — צי איז ער קראַנק? —
אים דוכט, דער „בלאָנדי״ קומט דאָ אָן
און זיך אין ים אַ וואָרף געטאָן;
און זי, לאָרעטאַ, שטייט און שווייגט,
נאָר מיט׳ן האַנט צום האַפן ציייגט...

מעק עפנט אויף די אויגן שווער, —
ווער בויגט זיך איבער אים אַהער?...
ווער טראָגט פונדאַנען אים אַוועק? —
מעק כאַפּט זיך אויף און קוקט מיט שרעק;
ער קומט צו זיך און טוט אַ זאָג:
„אַמיגאָס! ניט אַהער דער וועג,

און ניט געענדיקט נאָך דער טאָג, —
צום שלאַכט-פעלד, קאַמפּאַניעראָס!..."

— — — — — — — — — — — — — —

און מער אַ וואָרט שוין ניט געזאָגט, —
און מעק איז ניט-געוואָרן...

* * *

און לאַנג נאָכדעם איז איריש-מעק,
ווי אַ לעגענדע אומגעגאַנגען;
פון פראָנט פאַריאָגט פאַר טויט די שרעק, —
און איינגעוועבט זיך אין געזאַנגען...

# 4. בירא בידזשאַן

## איקאָר

(צום אויפבוי פון ערשטן שטעטל „איקאָר" אין בירא־בידזשאַן)

געזאָגט האָט סאָוועטנפאַרבאַנד:
יעדע נאַציע ביי אונדז דאָ אין לאַנד,
ווי גרויס, צי ווי קליין,
זאָל פילן, אַז דאָ איז איר היים;
זאָל וויסן, אַז דער ניי־געבוי
איז אירער און אַלעמענס בונד,
איר בלוט, און איר פלייש, און איר ביין.

און דאָס וואָס געזאָגט, איז געטאָן.
עס ווייס ניט פון ק י י ן אויבנאָן
סאָוועטנפאַרבאַנד.
פּראָלעט — איד מיט אַלע באַגלייך
און איז פּיאָנער אויף רוי־ערד,
אין אויפבוי פון בירא־בידזשאַן
מיט אייגענער האַנט.

„איד־פּראַגע"! דיין לייזונג געזוכט
האָט די וועלט און שטענדיק געפעלט,
געלאָזט דיר אַ פלוך...
און נאָך יעדן זוך אַ פּאָגראָם.
דיין לייזונג געקומען איז דאָרט, אין פאַרבאַנד,
און אָן אַ שתדלנ'יש פאַרזוך.

ניט מאָטאָס אויף סאַמעט און זייד, —
אין הערצער לויכט לאָזונגס באַטייט,
און פשוט, און קלאָר.

הילך, טאַיגע! הילך, אורעלטער וואַלד
מיט טראַקטאָר און זעגמיל געזאַנג:
מיר בויען! מיר בויען אָט־דאָ
דאָס שטעטל „איקאָר”!...

(1932)

## עס רופט צו אונדז ביראָ־בידזשאַן

(צום 13־יאָריקן יובילײ פון דער אידישער אויטאָנאָמער געגנט)

אויף רויער ערד און ווילד באַוואַקסענער
געשטעלט די ערשטע טריט,
אויף האַרטע נעכטנס אויסגעהאַדעוועט
אַ היינט, וואָס וואַקסט און בליט,
און ס'שמעקן שוין די מאָרגנס טויאַיקע,
און שפּראָץ פון יונגן צווייט.

ערשט דרייצן יאָר, און שוין געהאַרטעוועט,
ווי בלויער שטאָל, דער יונג.
אים האָרכט די טאַיגע, טויזנט־יעריקע,
און פאָלגט אים אויפן וואונק,
און ס'קושט די ערד מיט ליפּן זאַפטיקע
דעם טראַקטאָר מיט אַ קלונג.

ערשט דרייצן יאָר — קאָלווירט, פאַבריק און שטאָט,
אין שפּייכלערס גוטס געשפּאָרט,
ס'איז ליב די מי און זיס די רו, און פרייד
פאַר יונג און אַלט־באַיאָרט, —
און אונדזער יאָט, דער 13־יאָריקער,
לאָזט הערן הויך זיין וואָרט:

„אין פּנים פון אַ וועלט באַנומענער
מיר פעסטיקן פאַרבאַנד.
מיר שמידן פריינטשאַפט אוים אויף מענטשלעכקייט
מיט האַמער פון פאַרשטאַנד;

און ווער ס׳פאַרשפּרייט דעם ראַסנהאַס, דער איז —
דער פּיינט פון אונדזער לאַנד!״

דער פּיינט! די נאַצי־וועלף אין ווילד געוואַי...
אויף טויט און לעבן דער געראַנגל גייט, —
ס׳האָט וואָלף דעם פּויסט דערפּילט...
נאָר צוזאָג: „הילף!״ און „הילף!״ פונוויייטנס שטייט
אין פריינטשאַפט איינגעהילט.

דאָס גרויסע לאַנד פון מעכטיקן פאַרבאַנד
מיט לייב און לעבן גרייט;
און ס׳רופט דער יאַט, בירא־בידזשאַן, צו אונדז:
„אין קאַן די פרייהייט שטייט!״ —
און פייערלעך די שבועה פלאַמיקע
צעטראָגט זיך ווייט און ברייט:

„ניט אָפּטאָן וועט זיך אונדזער אייניקייט,
ניט מיד ווערן די האַנט, —
ביז אַט דער שונא, אַ פאַרטיליקטער,
פאַרגיין וועט אין זיין בראַנד;
ביז אָפּמעקן פון פּנים פון דער ערד
דער מענטשהייטס גרעסטע שאַנד!״

(1941)

# אין אויפבלי

אין רויטלאַנד שפּאַנט פרילינג אויף שליאַכן,
וואַרפט אויפבלי אויף סטעזשקעס פאַנאַנדער.
אין רויטלאַנד דער זומער וועט לאַכן
אין פּנים דער וויים־שוואַרצער באַנדע...

דער ריח פון פויערשער פּראַצע
גייט אויף פון צעאַקערטע בייטן;
און ס׳פּוישן אין גרינער אָוואַציע
די פעלדער פון האָרבסט נאָך פאַרזייטער.

דורךווינטער, אין פרעסט און אין שנייען,
פאַרקרעפּטיקט עס האָט זיך דער זאָמען.
אין רויטלאַנד די פרייד איז אין צווייען,
אין אויפזונג פון גוף און נשמה.

נאָך העכער די פרייד זינגט ביים אידן.
באַפרייט זיך פון לופטיקער מחיה:
פון שלום-עליכם׳ס „יארידן״,
פון פרוג׳ס „גיט אויף ברויט און תכריכים״...

נו, שווער איז די אַרבעט, אודאי —
דאָך גרינגער פון קצבה, פאַר׳מיאוס׳טער,
ווערט קלענער די קרעמערשע סטאַדע,
און ס׳מערט זיך די צאָל קאָלאָניסטן.

פאַרוועבט זיך דער רויש פון קאָלאָניעס
אין כאָר פון דעם אויפבוי צעשפּילטן:
מאַשינען פאַר אַקערם און בראָנעס!
פאַרכאַפּט שוין דאָס אויך דעם גלייכגילטן.

נאָר ווען אין געזאַנג, וואָס שטייגט העלער,
דערהערט זיך פון ציינער אַ קריצן, —
איז גאָרנישט. ס׳איז יענער, דער געלער,
וואָס זינגט נאָך מה-יפית ביי פּריצים...

(1925)

## אונדזערע קאַמפן — אונדזערע זיגן...

אונדזערע ווערטער אַנזאָג צעטראָגן,
וואו נאָר אַ ווינקל — וואָרצלען געשלאָגן,
אויגן צעעפנט, — הארץ אויפגעריגלט, —
אונדזערע קאַמפן — אונדזערע זיגן.

ס׳וואַקסן די טאַטן, ברודערש געקלאַמערט,
וועג דורכן מדבר, בריק איבער ים׳ען,

שטאָפּל פאַרנומען, העכער געשטיגן, —
אונדזערע קאַמפן — אונדזערע זיגן.

גייט דער געקנעט אויף, הייוון דער אָטעם.
זיין וועט דער מאָרגן פריש און געראָטן.
פייניקט דער היינט און בינדט אונדז די פליגל, —
אונדזערם די קאַמפן, אונדזערם די זיגן.

שפּרייט זיך „ניילעבן", אונדזער טריבונע;
פאָדים צו פאָדים וואַכזאַם געשפּונען,
אייפעריג געטעסעט ציגל צו ציגל, —
אונדזערע קאַמפן — אונדזערע זיגן.

טריי, ווי אַ גערטנער היט אָפּ זיין גאָרטן;
זייען און יעטן, מי ניט-געשפּאָרטע,
ציט זיך געפּלאַנץ אין טאָל און אויף היגל, —
אונדזערע קאַמפן — אונדזערע זיגן...

(1939)

# עטאַפּן און עפּאָכעס

## אַמאָל...

פינצטערע יאָרן, אַ בראָך אויף אַ בראָך;
סווישטש פון נאַהאַיקע, פאַרשאָלטענער יאָך.

רוקן געבראָכן און קאָפּ צו דער ערד;
צאַרישע הערשער מיט בלוטיקן שווערד.

פעלקער געפּלאָגטע אין קייטן געשמידט;
רוסלאַנד אַ תפיסה און העליש געבריט.

חיה'שע שנאה צווישן פעלקער געזייט;
טויט און פּאָגראָמען — די פליגל צעשפּרייט.

מוטלאַז, דערשלאַגן און שוואַרץ איז דער טאָג ;
ווײַנען געזאַנגען פאַרצווייפלט אין קלאָג...

„אוי, איז מיר טרויעריק
אין אייגענעם לאַנד ;
גורל מיינס שקלאַפישער
אין צאַרישער האַנט.״

צאַרישע שטריק האָט געוואָרגן דעם רוס,
און איד זיך געטרונקען אין שחיטות א גוס...

## ערשט נעכטן...

ערשט נעכטן געשלאָסן דאָס גרויליק קאַפּיטל
פון האַס און פאַרניכטונג אַזויפיל געליטן,
און אונטער די טענער, מוזיק פון אָקטאָבער,
צעטאַנצט גייט די פרייהייט : אַזויפיל דעראָבערט !
געפּלאַצט האָט די קאָרע פון ליידן און שווייגן
און האָט זיך צעבלעזלט, ווי קנאָספּן אויף צווייגן,
ווי קנאָספּן און בליטן אין פרילינגשן וועטער, —
ס׳איז אונדזערס דער איצטער און אונדזערס דער שפּעטער !

— העי, ברידער, חברים !
העי, פעלקער פאַרשקלאַפּטע,
פאַר אונדז גיט די פרייהייט
אוועק אירע זאַפטן...

מיר זיינען געגאַנגען פאַר פרייהייט אין פייער
און האָבן געגעבן די לעבנס צושטייער...

אָקטאָבער — די קוזניע ; מיר — איבערגעשמידטע ;
קאָוואַדלע און האַמער — אַ נייער קאַפּיטל.

## און היינט...

עס בליען די פעלקער אין לאַנד פון סאָוועטן,
און אַרבעטער, פויערים אין לויף אויף געוועטן;
געוועטן אויף אויפקום און שוץ צו פאַרזיכערן, —
ווער וועט עס וואָס בעסער און גיכער פאַרגיכערן?

נאָר ס'לויערן שונאים פאַרביסן און סטראַשען, —
שטייט אייפּריק און וואַכזאַם דאָס פאָלק הארעפּאַשנע;
ס'האָבן 20 אָקטאָבערס די פרייד אונדז געגעבן!
מיר וועלן פאַרטיידיקן מיט לייב און מיט לעבן!

קאָזאַקן און אידן אויף שמחות אינאייגעם,
ווי ברידער מיט ברידער, איז פריינטשאַפט אַ ריינע;
אין גערטנער פון ווײַן, אויף פעלדער פון קאָרן, —
אַ, מענטש דו סאָוועטישער, ביסט ניי איצט געבאָרן!

און ס'טראָגט זיך אַ פריילעכס, פעסט און צעקלונגען,
און בירא-בידזשאַנער אויגן צעגלאַנצט:

„אויב געזונגען זאָל זיין געזונגען!
אויב געטאַנצט זאָל זיין געטאַנצט!"...

(1937)

## צוועלף יאָר בירא-בידזשאַן

.1

אַ יום-טוב, אַן אויסנאַם! אַ יום-טוב פון מי!
מיין אויסגעלייזט פאָלק, אַ ניגון פאַרצי,
וואָס זאָל אַלע הערצער צעצינדן.
דאָס איז ניט קיין חלום, ס'איז ליכטיקע וואָר;
דאָס לאַנד איז אינגאַנצן געציילטע צוועלף יאָר
און שוין אַזוי רייך אין געזינדן.

.2

און ס'וואַקסן געזונטע די דערפער און שטעט,
און ס'טראָגן די פעלדער אַ שפע מיט זעט,

און וועלדער און טייכן פול בענטשונג.
אַ פאָלק אַ דערשלאָגנס צום אויפקום געבראַכט, —
דאָס האָט נאָר באַוויזן סאָוועטישע מאַכט,
דערציער פון נייעם מין מענטשהייט.

.3

פאַרוויילונג און סערנען, און אַרבעט מיט שפּיל
באַהאַפטן אינאיינעם מיט זיכער-געפיל,
אָן זאָרג און אָן מורא פאַר מאָרגן.
אויס האַנדל און וואַנדל, פּרנסות פון ווינט,
ווי ביימער פאַרוואָרצלט און זאַפטיק צעגרינט,
און רחבות באַדאַרף מען ניט באָרגן.

.4

און ס'ציען זיך הענט אויס פון ברידער אין פלאַג:
ווען וועט שוין אויך אויפגיין פאַר זיי אַזאַ טאָג,
פאַרשלאָסענע כחות צעוויקלען? —
ווען ברויט גייט מיט בוך, ווי אַ צווילינג צעבליט,
צעוואָרעמט זיך לעבן און מוט איז צעגליט,
און ס'פלאַצן די קייטן ווי שטריקלעך.

.5

אָן אויסנאָם אַ יום-טוב! געציילטע יאָר צוועלף.
און ישוב געפלאַנטער פון דעם קוים אַ העלפט,
און טוט נאָר אַ קוק אויף דער מאַפּע:
פאַבריקן און שולן, באַטראַקטאָרט די ערד,
פאַרזייט און פּראָדוקטן פאַרגרעסערט, פאַרמערט,
און קיינער ביי קיינעם פאַרכאַפּט ניט.

.6

און ס'קרעכצן די שונאים, די צוויפלער מיט זיי:
אַנטוישונג, אַנטוישונג! אַז-אָך-און-אַז-וויי —
ס'האָט בירא-בידזשאַן זיי באַטריגן...
זיי שפּייען די גאַל אויס און גאָרן אַ גרוס
פון בערן און טיגערס, פון בייסיקן גנוס,
פון אידן, וואָס פאַלן ווי פליגן...

.7

נאָר ס'שניידן גאָר אידן די תבואות מיט פרייד
און וואוינען אין הייזער, באַשוכט און באַקליידט,
און לעבן ווערט גרינג און פאַרמעגלעך.
געשיקט שוין דערוויילטע צום העכסטן סאָוועט
און פּרוכט־עקספּאַנאַטן צום אויסשטעל־פאַרבעט ,
און אינהאַלט ווערט פולער טאָג־טעגלעך.

.8

אויף בערגלעך כינגאנער, ביים ברעג פון אמור
דער איד שאפט זיך וואוילזיין און בויט זיין קולטור, —
איז גרילצט זיי אין אויער זיין ניגון.
נו, זאָלן זיי קרעכצן, אז אָך זיי און וויי,
קיין אכטונג ניט שיינקען צו קיינעם פון זיי, —
זיי האָבן אליין זיך באַטריגן...

.9

דער יום־טוב באַלאַנגט צו די קינדער פון מי,
און יונג איז דער טאָג, און די זון איז פול גלי
און טאַיגע פאַלגט אויס די באַפעלן.
שטייגט עלטער מיט יוגנט אויף לייטער־דערפאָלג,
און ס'פעסטיקט זיך שטאַרקער מיין אויסגעלייזט פאָלק
און גייט פון געשטעל צו געשטעלן.

.10

ביז איצט האָט געשיכטע אזעלכעס ניט געזען;
אָן פויק, אָן טרומייטן געלייזט אַ פּראָבלעם,
וואָס וועלט טוט מיט דעם זיך נאָך ווערגן.
ווען גאַנץ און באַשירעמט בלייבט וואָרצל פון האָס,
איז פריידיקן ליבע אַ בלוטיקער שפּאָס,
און רעגט אָן דאָס שלעכטע צו ערגערס.

.11

ס'איז אַנדערש ווען וואָרט ווערט אין טאָט צעמענטירט;
אויף טראַקט פון אָקטאָבער די פעלקער געפירט
ביז פעסטונג פון פרייהייט פאַרנומען.
און פלאַץ איז פאַראַן דאָרט פאַר אַלע געגוג...

פאַר בירא-בידזשאַן היינט זאָל שוימען דער קרוג —
א פאָלק איז צום לעבן געקומען!

.12

אין צייט אַזאַ קורצער, אַ טראָפּן אין ים, —
און ס'טיפט זיך, און ס'שפּרייט זיך פון אויפלעב דער שטאַם,
און צווייגן מיט פּרוכטן באַלאָדן.
אויף שמחה אהער! — זאָל קומען צוגיין
יעדער איינער, וואָס פילט נאָר און וויל דאָס פאַרשטיין, —
צום טיש אויפן אידישן באָדן!

(1940)

# צעריסן די קייטן

(צו דער באַפרייאונג פון די אוקראַינישע און ווייסרוסלענדישע געגנטן דורך די סאָוועטישע אַרמייען)

.1

פון גאַליציע און פּאָלעסיע
פליען פריידיק די מעת-לעת'ן.
פאַרן אידן דעפּוטאַטן, —
נעכטן קנעכט, היינט באַלעבאַטים.

עך! מיין נאָענטע פּאָלעסיע,
פּינסקער בלאָטעס — אָט אַ נס איז!
אין די טייכן העכט און שלייען,
וועט דער אַרבעטער פאַרדייען.

פאַר די פּאַנעס פלאָטקעס, יאַרשעס...
אין די סעדער רויטע קאַרשן
וועלן בלייכע ליפּן פאַרבן,
און צום פויער אַלע גאַרבן.

אוים פּאָגראָמען, אוים רדיפות, —
אָט אַ נס איז! פּאַנסקע שליפעס

פוילן ערגעץ אין די לעכער;
זינגען שטעטלעך פון די דעכער.

זבראָזש, דראָהיטשן און פּרוזשאַני —
אידן זינגען „מה־נשתנה“,
און אַ כוס פאַר די סאָוועטן,
שיקט מען ברכות דורך שטאָפּעטן.

אין די דערפער קאַראַהאָדן,
ס'האָט די גאַס זיך אויסגעבאָדן.
אַנדערש שפּרינגט אַרום דאָס קעלבל,
און סע וויינט ניט מער די ווערבע.

איד, ניט־איד, ס'גייט אויס די שנאה;
זוך מיט ליכט — וועסט נישט געפינען, —
ס'דארט די סיבה, ווערט אַלץ קלענער,
ווערט מען פריינט פון 5־יאָר פּלענער.

בויט מען שולן, ביבליאָטעקן
און מען לערנט: זיך ניט שרעקן,
און קיין טעות ניט פאַרגלעטן —
לעבן זאָלן די סאָוועטן!

.2

שטאַרקער, העלער ליכטיקט טאָג זיך,
און דער שנעל־צוג ווי צעיאָגט זיך!
פעלדער, וועלדער מאַכן וואַרע,
און פון קעסל זעצט אַ פּאַרע.

און די רעלסן גלאַנצן, זשומען:
פאָלקס־דערוויילטע פאָרן, קומען;
באַלמעלאָכעס, מיטלקלאַסנע,
אַלע — מענטשן האַרעפּאַשנע.

אונטער קנאַפּל פון'ם שליאַכטיטש
אויסגעקוועטשט די לעצטע זאַפטן,

און דאָס רעשטל וואָס פאַרבליבן, —
אין קאַרטוז-בערעזער גריבער...

איצט באַפרייטע, און מיט פליוסן,
די אוקראַינער, די ווייס-רוסן;
און צוזאַמען מיט די אידן
לעבט ווי ברידער, שאַפט אין פרידן.

לויפט דער שנעל-צוג, שיינט דער מאָרגן, —
ניין! מען פאָרט ניט מער אויף טאָרגן...
דעפּוטאַטן קלערן, טראַכטן,
ווי דאָס לעבן שענער מאַכן.

ס׳פאָרט אַ יאַנקל, אַ מיקיטע,
אַ פּראָפעסאָר אויך אין מיטן;
אַלע זיינען דעפּוטאַטן,
נעכטן קנעכט, היינט — באַלעבאַטים.

וואַרעם פליסט דער שמועס, שפּינט זיך.
אַרעמאַנסקער געגנט גרינט זיך.
עך! גאַליציע און פאָלעסיע,
איצט איר׳ט האָבן וואָס צו עסן.

און פאַר אידן אויסגעלייזטע —
אַט אַ צוקונפט ליכטיק גרויסע!
אין דעם לאַנד בירא-בידזשאַנער
אויפקום, אויפבוי שפּאַנען! שפּאַנען! — — — —

(1939)

# אין גאָלדענעם האַרבסט...

(לכבוד דעם 75־יאָריקן יובילײ פון אונדזער ליבן און חשובֿן פּאָרזיצער
פון „איקאָר" פּראָפעסאָר טשאַרלס קונץ)

די זאַנגען אין גאַרבן, די גאַרבן אין שייער,
און ס'גייט אויף אין האַרצן אַ פרײדיקער פייער.
פול גאָלדענע קערנער, די זעק ווערן רונדער, —
און פרילינג און זומער אין האַרבסט איינגעבונדן.

ווי וואויל דעם, ווער ס'לעבט אוים אין ברכה זיין לעבן!
ווען מיט־מענטש — אַ ברודער, און צוטרוי דערנעבן;
די זין און די טעכטער פון מי ניט־באַרויבטער
אויף אייגענע פעלדער מיט זונגאָלד באַשטויבטע.

ווי וואויל דעם, ווער ס'זעט דאָס מיט אייגענע אויגן,
ווי זאַשיק מיט זעט פול, ווי פיש פול מיט רויגן!

אויף רוי־ערד האָט אַרבעט, ווי הייוון געוויירן, —
אַ פאָלק אַ דערשלאָגנס איז ווידער־געבוירן.

געבענטשט זיינען יאָרן צו דעם, וואָס באַשערט איז
דערציען צו מעשים פאַרפלאָסענע ווערטער;
צו דעם קומען וואונטשן אין פאָלקישע שטראָמען
און קרוינען מיט ליבשאַפט און אַכטונג זיין נאָמען.

פון היינט און פונדאַנען... אין לענדער צעבויטעט
ברענט שנאה, ברענט צאָרן, צעצונדן ווי צויטן.

ליגט ערד אַ צעווייקטע אין בלוט און אין טרערן, — —
ווי טייער דער גרוס איז פון אויפקום צו הערן!

פון פעלקער פאַרברידערט, פון אידן דערלייזטע
אויף לייטער פון פרידן אַלץ העכער און דרייסטער...

און דעם, וועם באַשערט איז דעם גרוס אונדז צו ברענגען,
געהערט אונדזער ברכה: צו לעבן וואָס לענגער!

* * *

אין גאָלדענע הארבסטן פון לעבנס אָקטיווע, —
צעשפרייט האַריזאָנט זיך! און ברייטער זיך, סביבה!
און פרילינג און זומער, ווי קינדער געטרייע,
באַגלייטן דעם הארבסט־וועג מיט יוגנט און פייער...

(1940)

# 5. פארשיידענע

## אין קרייז פון שיינקייט און פון אויפשוואונג

(פון א באזוך אין די נאציאנאלע קעניאן־פארקן אין די שטאטן יוטא און אריזאנא).

### 1.

אין דינעם ברעטער־שטעלכל מיט פאסמעס בלעך באשלאגן,
און מיט א שרייענדיקער שילד: „עס און טרינק אט־דא״...
א גרופע זאלבעזעקסט מיר האבן זיך אריינגעהורבעט,
פארלאנגט א הייסע קאווע אין מארגנ׳ס קאלטער שעה.
און ווארטנדיק מיר האבן זיך די הענט געריבן,
צום פיצל אויוועלע זיך נעענטער געשפארט.
די ווארטערין מעכאניש שמייכלט: „סארא שיינער מארגן...״
און האט דערביי די האר צעשויבערטע פארשארט.
דער יונגער שלאף אין מידע אויגן נאגט און מאניעט צום געלעגער
אהינטער פארהאנג־טוך אויף בעט טאפטשאן;
און פון געדיכטן וואלד אין עכאס קייקלט זיך א שאס פון יעגער
און באלד נאך אים א צווייטער אין געשפאן.
פון שיינעם מויל מיט גוואלד א געניץ רייסט זיך,
נו, שטענדיק איז צום האנט דאס שטיקל „טשואינג־גאם״;
זי קייט און רעדט: „אן אויסוואל אנזיכט־קארטן,
און אלע וואונדער־קעניאנס אין אט־דעם איין אלבאם...״

דינט וועיטיער׳ס א שיינער פערז פאר אן אריינפיר,
ווי גאט צעהענגט זיין גרויסע קונסט אויף אט אזא פארנעם...
קומט, קונדן חשוב׳ע! מיט אלץ גרייט אייך צו באדינען
די יוניאן־פאסיפיק אייזנבאן־סיסטעם.
פון אלדאס גוטס, פון וואס א מויל קאן ריידן;
„גרענד־קעניאן״, „בראיס״ און זאיאן״ צו זעטיקן דאס אויג,
און ס׳איז דאך צייט צו נעמען זיך וואקאציע, —
זע וויפיל שיינקייט אנגעוואלגערט דא, — א סטויג!

.2

ביים טויער דער באַמטער טוט אָפּ זיין פליכט און פּרעפּלט;
ווי פרומער דאַוונער, ער הערט ניט וואָס ער רעדט.
שוין נאָך סעזאָן, און די וואָס קומען איצט זיך שלעפּן,
די האָבן זיכער ניט קיין וואַזשנעם ווערט.

ער בורטשעט אָפּ אין אַ געפּאַנק די קאַטעדראַלן,
די טעמפּלען, טראָגנען, מינאַרעטן, יעדערם צו זיין פעלזן־פּאָך,
און שרייט אונז נאָך, ווי שיר דאָס וויכטיקסטע פאַרגעסן:
„פאַרפעלט ניט זען דעם מיליאָן־דאָלאַרדיקן שליאָך...״

געשפּיל פון ליכט און שאָטן, אָנפאַלי פון געשטאַלטן,
אַן אָנפלייץ פון געמעלן אין פאַרביקן געפּעכט,
אַ גראַנדיעזע סעריע פון גיגאַנטישע פאַנטאַזיעס,
אַן אויפפלאַץ שיין צעשליידערט אויף מיילן לינקס און רעכטס.
ס׳האָט אומרו־דרוק דעם בויך פון ערד צעשפּאָלטן,
אַרויפגעשאָסן און פאַרגליווערט דעם גאַנצן ברוך.
אין שווינדלענדיקער טיף אַ זילבער־שנירל, טייך־„קאָלאָראַדאָ״,
און די מאַסיווע ווענט — אַן אילוסטרירטער בוך.
און אילוסטרירט, ניטאָ צו דעם קיין גלייכן;
און שטילקייט הענגט אַרום, אין שלומער ווי פאַרשטאַרט.
אַהער קומט, האַרעפּאַשנע זין און טעכטער!
אין אָפּרו־פּלאַץ אָט־דאָ איר וועט ניט זיין גענאַרט.
די לאָדזשעס און האָטעלן מיט אייער מי געבויט,
קומט טרינקט זיך אָן מיט לופט, ווי ווײַן פון קילן קעלטער;
געעגבערט די טונעלן, אויסגעלייגט די וועגן, —
ביז וואַנען צאַפּלען זיך אין נויט?...

.3

מזרח־טעמפּל, מערב־טעמפּל, טעמפּל „סינאַוואַוואַ״
און אַ שורה פּאַטריאַרכן.
בריקן, אַרקעס, פעסטונגען פון שטיין און לאַווע,
יעדער ווינקל אַ געקרוינטער:
קיניג־שלעסער, פירשטן־טורעמס, פויבסט־אַלטאַרן,

צי אַ ריזיק קלויסטער־אָרגל, —
סיי־ווי גום פֿון זונשיין וואַשט אַראָפּ די שאָטנס
אין די טיפֿע, גרויע נישעס.

שטייט אַ פֿרוי לעם וועכטער־שטיבל, אַ פֿאַרטראַכטע,
האַנט אויף ברעמען, ווי אַ דאַשיק,
און אויף פּנים, און אויף נאַקן לאַנגע פּראַצע
אויסגעקאַרבט האָט נעץ פֿון קנייטשן.

— אַ גוט מאָרגן, גוטע ווירטין!
אָט אַ רחבות ניט צו מעסטן,
און אַ פּראַכט ניט אויסצומאָלן;
דאָ צו וואוינען, דאָ צו לעבן
מוז זיין בעסער ווי געוואונטשן.
אָפּרו־היימען, סאַנאַטאָריעס, דאָס געזונט דאָ צו פֿאַרריכטן,
ס׳ווערן גלאַטער, פֿולער די געזיכטער,
און די אויגן — יונגער קוקן אין דער ווייטנס.

קרימט די פֿרוי זיך, קוקט פֿאַרדעכטיקט;
וואָס איז דער דאָ אויסן? —
ס׳איז איר מאַן, וואָס האָט פֿאַרשפּעטיגט;
ס׳עסן קאַלט ווערט, און ער זאַמט זיך,
נאַפּט און קוילן קאָסטן טייער,
און עס וואַרט אויף איר די אַרבעט; —
ווייסט דער טייוול, וואָס ער טוט דאָרט,
וואָלט אים ווי אַ הערינג איצט צעריסן.

קלעפּ פֿון האַמערס פֿליען פֿון דעם אָפּגרונט,
הילכיג יאָגן זיך און שלאָגן איבער איינס דאָס צווייטע.
שוויים, און שטויב, און שווערע שטיינער,
שטייפֿע הענט און טאַטשקעס אַנגעלאָדן.

.4

אָוונט. קילקייט שטייפֿט זיך, קנייפּט די באַקן.
אַ געשאַט פֿון שטערן, ווי פֿון שפּע־האָרן;

און די שלאַנקע נאָדל-בוימער,
אום-אַרום דער „רענטש"-אכסניה,
פינטלען צו מיט שיין פון לעמפּלעך.

אום-אַרום דער וואַלד „קאַיבאַב",
אַט דער יוסטער און באַוואוסטער
מיט די סטאַדעס אַנטעלאָפּן,
הירשן, בערן און קאָיאָטן, —
לאָזט אַראָפּ די שאָטן-שטאָרן
און פאַרטייעט ציט דעם אָטעם,
פונקט ווי איינער, וועלכער גרייט זיך
עפּעס שרעקלעכעס צו אָפּטאָן.

אין דער קרעטשמע געסט געציילטע,
געסט-טוריסטן איינס, אין איינעם,
ביים קאַמין אַרום דעם פייער
אויסגעזעצט זיך באַלעבאַטיש
מיט די פּיפּקעס און ציגאַרן,
און אַ שמועס, היימיש, רואיג,
אין געזשום אַוועק געלאָזט זיך.

און דער אייגנטימער, ניט פון הי געבוירן,
וואַרפט אַריין אַ וואָרט אי דאָ, אי דאָרטן,
וויל ביי יעדן חן געפינען,
נאָר ער טרעפט ניט צו צום רומל, —
נעמט ער בעסער שוין באַווייזן
זיינע פילמען אויפ'ן לייוונט,
פילמען אָפּגענוצטע, האַלב-פאַרמעקטע,
דורך אַ טונקעלן פּראָזשעקטאָר.
און ער רעדט אַזוי באַגייסטערט:
„זעט, דער וועוריק מיטן עק דעם ווייסן
ווערט פונדאָנען שוין פאַרשוואונדן...
אך, די קעניאָנס! אָ, די ליניעס און קאָנטורן, —
גאַנצע לאַבירינטן אָנגעצונדן!"

.5

פרימאָרגן, מיר לאָזן אין וועג זיך שוין ווידער
מיט שיינקייט און אויפשוואונג באַלאָדן...
אָ, לאַנד אונדזערס גרויסע, ווי בלוי דיינע הימלען,
ווי רייך און געבענטשט איז דיין באָדן!

געפלאַסטערט דער וועג איז אין בויך פון באַרג „כרמל״,
מיר שטעלן זיך אָפּ ביי די „פענצטער״;
און וואו נאָר דאָס אויג פאַלט, אין הויך, צי אין נידער,
מיר שרייען: אָט דאָס איז דאָס שענסטע!
און ס'פעלן אוים ווערטער; מיר הערן אויף ריידן,
אַ בליק צוגעוואָרפן, אַ צי פאַרן אַרבל...
און ס'שניידן זיך שאַרפער די שווערע קאָנטראַסטן
פון ברייטקייט און זאַטקייט און אָרימשאַפט האַרבער.

די לופט איז געלייטערט און זוניק צעשפּרודלט.
די קעניאָנס און פּאַרקן — געזאַנגען,
אָ, לאַנד אונדזערס רייכע! דיין מילך און דיין האָניק
פאַרפּאַקט, ביי די גבירים געפאַנגען.
און ס'טראָגט זיך דער אויטאָ, געשווייג איבער אַלע;
מחשבות צעזייט אויף שאָסייען....
און היים שלאָגט דער אָטעם פון שטעט און פאַבריקן,
דער פּולס פון די אַרבעטס-אַרמייען.

(1935)

# שאַטנס

שוואַרץ-בלויע שאָטנס אויף ציגל רויט-ברוינלעכן.
טונקלען זיך שאָטנס אויף ווענט.
מאָרגן פרי. האַלבנטאָג. שעה'ן פאַרנאַכטיקע.
שאָטנס צו שאָטנס געווענדט.

שטויסן זיך, פלעכטן זיך, אָדער צעלויפן זיך,
מאַכן העוויות מיט הענט.

לאָכן, צי גענעצן, בענטשן זיך, שילטן זיך,
שוואַרץ-בלויע שאָטנס אויף ווענט.

איך פון מיין פענצטער קוק. יענע — פון זייערן,
שאָטנס מיט שאָטנס באַקענט.
ווייטער אין טאָג אריין, וואַקסן אַלץ לענגער די
שאָטנס אויף טויב-שטומע ווענט.

(1922)

## און קומען וועט די שעה

איך גלויב, אַז קומען וועט די שעה:
אַ נאַקעטן וועסט זיך דערזען
מיט אויגן ברייט צעעפנטע
און ציטערדיקע קני.

עס וועט דיין שרעקעדיקער קוק
אין פוסטן רוים זיך צאַפּלען.
און שטעקן בלייבן וועט אין קעל
דיין ניט אַרויסגעשריגענער געשריי.
אַ רויטע כוואַליע וועט פאַרגיסן דיין געזיכט,
אַן אויסגוס פון דיין שווערע זינד.
און אין דיין קאָפּ וועט אַ געדאַנקענקנויל
דיין מוח דריקן,
און ווי מיט הייסע פרענטן ברענען.

איך גלויב, אַז קומען וועט די שעה.
דיין נאַקעטקייט ניט זען וועסט מער ניט קענען.
וואוהין פון זיך אַנטרינען,
קיין אָרט וועסט ניט געפינען.
צו קליין וועט זיין אַ פייגנבלאַט
דיין שאַנד פאַרדעקן.
און אַלע דיינע מאַנטלען,
זיי זיינען פול מיט פלעקן.

וואָס וועסטו טאָן, ווען קומען וועט די שעה? —
און קומען וועט די שעה...
און זיכער ווי דער טויט...

(1921)

## דלילה

אַ יונגס, —
אַן אומשולדיקס,
ביסטו אין פּאַרק געזעסן,
אין שטילסטן ווינקל
פון אונזער אינדזל־פּאַרק.
די עלענבויגנס אויף די קני,
דעם קאָפּ אין ביידע הענט.
און מעלאַנכאָליש האָט דיין קוק
געבלאָנדזשעט אויף די ראָזע וואַסערן
פון טייך, וואו ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט
פון זונענאונטערגאַנג,
דער לעצטער טאַנץ.

באַשאָטן האָט אַ שטויב אַ גאָלדיקער,
אַרויסגעהויכט פון לעצטן אָטעם פון דער זון,
דיין האָרגעפלעכט.
און כוואַליעס פיאָלעטווע
געצויגן האָבן זיך צו דיינע פיס:
מיר זיינען דיינע קנעכט. —

אַ צייט האָב איך דיר נאָכגעקוקט,
געמאָלן דיך אין שטומען, יונגן וויי.
וואָס ביסטו ניט געווען ביי מיר?
ביז אויף דיין נאַקן האָסט דערשפּירט
מיין איינגעגעסן אויג...

און מיט איין שעלמיש זשוואוען בויג
האָסטו דלילה׳ש מיר אין פּנים

אַריינגעלאַכט.
און מיינע שענסטע מאַלונגען
צו נישט געמאַכט. —

(1922)

## מיין האַרבסט זינג איך

אַ קויש מיט יאָרן אויף די פּלייצעס,
און אַן אַ שטעקן אין דער האַנט, —
דעם אויער נאָך די ווייטן רייצן,
און באַרג־אַרויף נאָך שטורעם שפּאַנט.

אין נעפּל אויסגעצערט דעם פרילינג,
דעם זומער אין געזוך פאַרברענט. —
זיי דו, מיין האַרבסט, פאַר מיר דער טרילער
און ברענג מיר ווינטער שאַרף געבלענדט.

און אויסגעבלייכט אויף קלאָרע שנייען
זאָל בלאַנקען העלער מיין געוועב,
און זאָל דאָס רוישיק האַרץ דערפרייען,
ווי ווייסע נעכט אין שטילן שוועב.

נאָר ניט צו רו, די טעמפּ געשמידטע, —
צום הייסן שוואונג אויף באַרג און פליין
זאָל וועקרוף זיין. ביז פריידיק מידע
וועלן גייסט־און־גוף ווי אין אַ קוש פאַרגיין.

אַ קויש מיט יאָרן אויף די פּלייצעס
און אַן אַ שטעקן אין דער האַנט.
אין יונגן פייער אַלטע עצות
איך ברען אין וועג אויס נאָכאַנאַנד.

(1927)

## פאַרנאַכט-צו...

(סאָנעט)

פאַרנאַכט-צו בלאָזן קילע ווינטן
און שאָטנס העפטן זיך צוזאַמען.
דער גערטנער קאַמט די בייטן-שרינטן,
טרינקט אָן די פלאַנצן ביי די שטאַמען.

אַ גאָרטן ציכטיק אויסגעפלאַנצטער;
די פרוכט געצייטיקט און געראָטן.
אין פרייד פון מי, ווי אין אַ פאַנצער,
פאַרנעמט ער אָנקום פון די שאָטנס.

פאַרנאַכט-צו ווערן רוי די ווינטן.
דער טאָג גייט באַרג-אַראָפּ געשווינטער, —
נאָר שטראַל אויף שפּראָץ טוט שימערירן.
אַ זאַפטיק אָוונט קומט צו פליסן,
און זע, אָנשטאָט קוהלת מישן,
גייט אויף אַ יונגער שיר-השירים...

(1939)

## באַגינען אויפ׳ן לאַנד

אַ קלונג האָט ווייך און מילד
זיך אָפּגעזעגנט מיט אַ גלעקל ערגעץ-וואו,
אָוועקגעשוואומען קיל
אין ווייסן מאַרגנטוי. —
און פון פאַרקנוילטן גרוי
אַרויסגעשפּרונגען איז דער האָז
און פאַרשוואונדן צווישן גראָז.

אַ פריידיקער געדראַנג,
„גוט-מאָרגן-זון" געזאַנג.

און ס׳פאַלן עפּעלער און קייקלען זיך פון דאַך.
אַן אויסגערוטע קינד
צעגורגעלט זיך. אַ ווינט
צעשמועסט זיך מיטן וואַלד און קנייטשט דאָס וואַסער־פלאַך.
אַ שפּאַרבער און אַ הון, —
און ערד־געריך אַרום.

(1924)

## די זון פאַרגייט...

די זון פאַרגייט —
און ס׳טוט אַ צווייג זיך ניט קיין ריר.
פאַרגאַפט דאָס גראָז און שפּיץ פון בוים,
און וואַסער־פלאַך ווי אין געפריר.
ביים ברעג אַ וועל באַוועגט זיך קוים,
אַ שושקע שטיל, און שטעלט זיך אָפּ,
ווי קוואַל פון לעבן ווערט פאַרשטאָפּט.

די זון פאַרגייט —
און ס׳ציט די מעווע אירע פליגל איין,
אין שאָטן האָרבעט זיך דער פעליקאַן,
און שטאַר דער בליק אין בלינדן ווייט אַריין, —
און האָריזאָנט — אַ פייער פאָן.
דער טאָג רינט אויס און ווערט פאַרלענדט,
און ס׳טראָגט די נאַכט דעם חושך אין די הענט.

די זון פאַרגייט —
און אויגן, אויגן ברייט צעעפנט,
פאַרטראַכט, אין איינזאַמקייט פאַרטיפט.
אין וויג פון יאוש איינגעשלעפערט
דער אומעט אויפן האַרצן טריפט...
נאָר אין דער הויך, אַריבער צאַם, אַריבער תהום —
געשפּיל פון ליכט אין אַ געפלייץ גייט אָן.

אויף בליאַסק פון הינטערגרונט צעוואָרפן,
פון וואַל די וואָלקנטרעפ געהאַפטן,
אין פורפור, ראַז און פיאָלעט געקאַרבטע
און זוים צו זוים, ווי זאַנגען אין די גאַרבן.
צעצונדן אין דעם ליכט-געפלאַטער,
פאַרשמאָלצן אויך דאָס גרוי און פאַפּעליאַטע,
און די אַרמיי פון פאַרבן און געשטאַלטן, —
דעם רוים פאַרנומען אין פאַרוואַלטונג.

און דער אַרום אין גרין און בלוי אַרומגעגאַרטלט
האַלט אָטעם איין, ווי אין דערוואַרטונג;
אַט וועט געשען, די זון ביים לעצטן שטאַפּל;
נאָר גיסט מיט רויטן שיין, ווי ווייַן פון צאַפּן.
וואו אַ שפּאַלט, אַ ריס, — אַ בעכער פול מיט גלי,
אַ שטראָם פון זעט נאָך שפּעררישער מי,
און דער געלאַף און פלי פון מונטערע געמעלן —
פון אויפלעב אַ געוועב אויף שאָטנדיקע שוועלן.

די זון פאַרגייט —
צעהיצטער מערב שלינגט די זון אין רייפטן,
נאָר פון דער טיף אַרויף שטייגט נייער טאָג-געזאַנג,
און ס׳צינדט זיך אָן דער רוים, ווי אַן אַנזאָג-שייטער,
און ברענט נאָך לאַנג, לאַנג נאָכ׳ן זון-פאַרגאַנג...

(1939)

## אויפן לאַנד

אָפענע, אומעטיק-האַרציקע, חנ׳עוודיק-ברוגז׳ע,
האַרבסטיקע טעג מיינע! —
ווייט איז מיין שטיבל פון שליאַכן אַספאַלטענע
פאַלן די בלעטער אין גרעזער פאַרוויאַנעטע.
עפּל רויט-באַקיגע אין צווייגן באַהאַלטענע
זאַפּן נאָך איין אין זיך זון-ליכט פאַרכליאַנעטע,
האַרבסטיקע טעג מיינע.

עפּנט די ערד אירע פּאָרן צום רעגן אויף,
האַרבסטיקע טעג מיינע.
אָפּן דאָס האַרץ. אין עקסטאַז דורכגעדרונגענעם
ווילט זיך נאָך וויקלען אין זומער געשפּונענעם.
נעכט אויסגעוואַליעטע, טעג נישט פאַרגונענע. —
זומער, מיין פּיפּיקער, זומער פאַרשלונגענער —
האַרבסטיקע טעג מיינע.

סומנע און אַשיק אַרום. אַנגעכמורעטע,
האַרבסטיקע טעג מיינע.
מאָרגנס ווייס־פּראָסטיקע, טויען פאַרביטענע
לעקן מיט צינגער פאַרפרוירענע שטעכעלקעס.
וויינען די דעכער אויף פעלדער פאַרשניטענע:
זומער, מיין שטיפיקער, אויסברענגער, נעכטיקער —
האַרבסטיקע טעג מיינע...

(1924)

# אַ טאָפּ טיולפּאַנען

אַ טאָפּ טיולפּאַנען
איז אויפ׳ן טיש געשטאַנען.

אין דרויסן איז אַ בלייכע זון געהאַנגען,
דעם גרויען, קאַלטן טאָג געמינטערט מיט קאָמפּרעסן.
ביים פענצטער אַנגעשפּאַרט איז אַ פרוי געזעסן,
געקוקט אויף דעם מאַרצאָוון שניי, וואָס ליגט געפאַנגען
אין גריבער אויפ׳ן הויף. דורך וואָלקן־שפּעלטעלעך
האָט בלוי מיט גרוי געשפּילט, ווי קינדער אין באַהעלטערלעך.

די אָראַנזש גלעקלעך פון די טיולפּאַנען,
וואָס זיינען פון דעם וויקל־שלאָף ערשט אויפגעשטאַנען,
געצויגן האָבן זיך צום קוואַל פון ליכט. דער שכן
טראָגט אויף די הענט אריין אַ קראָליקל אַ פעטן,
אַקאָרשט אַליין ביים בערגל מיסט דערשטאָכן;

געהאָדעוועט אויף קרויט; קיין פינגער ניט אַריינצוקנעטן
אין שטייפן פלייש.

די פרוי צעשמייכלט זיך מיט ווייסע ציינדלעך,
ברעכט אָפּ די שענסטע בלומען־קעפּ און שפּילעט צו צום שכנ'ס לאַץ.

ביים בערגל מיסט, אין שוואַרצן הינטער־הויף,
האָט נאָך דער הונט געפירט מלחמה מיט דער קאַץ,
און אויפ'ן טיש איז האַלב־פאַרוויסט געשטאַנען
דער טאָפּ טיולפּאַנען...

(1924)

# אין האַרבסט

.1

ווייסע בעלמעס אויף די גרינע שויבן.
הויף און גאַניק אָפּגעלאָזן.
ליידיק שטייט דער שלאַק פון טויבן,
פויגלנעסטן שטום, פאַרלאָזן.

פּאַטשען רויע שטורעמס, גרויע פליגלען.
צו די ווינקלען שאָטנס איילן.
רייסט אַ שיין זיך דורך די כמאַרע ריגלען.
טאַנצן קרומע שטויבנזיילן.

הענגט אַ צווייגל האַלב צעבראָכן,
באָמבלענדיק אַ דיסאָנאַנס אין רויש פון בלעטער.
אין קאַנורע איז דער הונט פאַרקראָכן,
בורטשעט ברוגז אויפ'ן שלעכטן וועטער.

זיצן קינדער איינגענורעט.
איינגעטונקט די שטוב אין נויטן.
אין אַ בייגל ליגט די קאַץ פאַרזשמורעט.
סקרוכען אַלע זיבן הויטן. —

.2

אויף אַ וואַסערל שווימט אַ בלעטלע,
און אַרום איז קאַלט.
ס'האָט דער זומנער הארבסט זי אָראָפּגעפּליקט
פון אַ בוים אין וואַלד.

שטייען מויערן אָנגעשטויסענע,
ברוגז אויף דער וועלט.
שלייכט אַ בעטלער דורך ביי די מויערן,
בייזערט זיך און שעלט.

יונגע בוימעלעך, אָפּגעצופּעטע,
בויגן זיך אין דריי.
עמיץ וויגט אַ קינד, באַנג און אומעטיק
זינגענדיק דערביי.

אויף אַ מאַמעס ברעם הענגט אַ שטומע טרער,
ס'קינד ביים ברוסט זי האַלט.
דרויסן וואַלגט אום טאַטע-ברויטגעבער,
און אין שטוב איז קאַלט.

(1923)

## סוף-זומער

הייב אויף דיין גלאָז
און ניט פאַרשעם דעם ווייַן,
און ליידיק אוים דיין גלאָז,
הוי! לאָמיר לוסטיק זייַן.

און זאָל צו אונז אין האַרץ אַריין
ביי טאָג די זונענשיין,
ביינאַכט — לבנה שיין
און שטערנשיין,

און יעדע שיין —
הוי! לאָמיר פריילעך זיין.

אין פרילינג גרינט דאָס בלאַט.
אין האַרבסט, מיט לעבן זאַט,
אַ גאָלדענער,
ער גליטשט זיך שטיל אַראָפּ
און לייגט אַוועק זיין קאָפּ
אין שוים פון האַלב-פאַרגעלטן גראָז.

נאָר שאַרשקעט נאָך אַן ענטפער אָפּ
צום ווינטבלאָז,
צום לייכטן שפּרונג פון האָז.
הוי! ניט פאַרשעם דיין גלאָז
און טרינק דעם רויטן וויין.
דיין ליפּ זאָל ווערן רויט,
דיין באַק געפאַרבט איז ראָז.
דיין האַרץ זאָל טאַנצן אין דיין ברוסט
און שעפּטשען:

לעבן זאָל די לוסט,
און לעבן זאָל עס ביז צום טויט!

דער וויין איז שפּילעוודיק און רויט,
און אונזער בלוט איז רויט. —
הוי! לאָמיר לוסטיק זיין
און לאָמיר פריילעך זיין.

דערנאָך.
ווען אונזער זומערהויז
וועט בלייבן פּוסט,
און אום-אַרום
וועט מיט געברום
זיך טרייסלען ווינטער'ס הויז
און בליען וועט אויף שטויב
פון אייז אַ רויז, —
וועט אונזער עכאָ-קוש נאָך שוועבן

אין לופט,
און פילן וועט זיך נאָך
דער דופט
פון אויסגעבאָדטן לייב,
פון מאַן און ווייב. —

הייב אויף דיין גלאָז
און טרינק דעם רויטן וויין. —
(1921)

## אַ שפּיל

נאָך טאָג נאָך ליידיקן קומט נאַכט
אַן אויסגעטריקנטע צוגיין.
און פוס־אויף־פוס פאַרלייגט, פאַרטראַכט
זי זיצט ביים פענצטער, ווי אַ שטיין,
אין זיך פאַרמאַכט.

אין ווינקל, ווי אַ ווייסער הויך
צעבלעזלט, ווינקט געגרייטע בעט.
איך זע איר קלייד, ווי דינער רויך,
פאַרדעקט די זון. — איך האַלט געוועט —
זי זעט מיך אויך.

און צווישן אונז אַ בלויזקייט שמאָל
אין שאָטן ליגט פון וואַנט צו וואַנט
און וואַרט, ווי ס׳וואַרט אַ רים צומאָל,
אַז אַ געשיקטע האַנט —
פאַרגאַנצן זאָל.

און אייפריג היטן מיר די שפּיל
ביז קומען וועט דער אויפריים־שלום...
אַזוי געזאַמלט אין דער שטיל
ווערט יענע קראַפט, וואָס — ווי אַ נום —
ברעכט דאָך און דיל. — — — —
(1927)

# דער טייוול-קאָפּ

(בערג פון דענווער)

פון אויסקוק פּלאַץ די וואונדער-פּאַנאָראַמע
ליגט אויסגעשפּרייט און פאַרן אויג צעוויקלט.
דער "פּאַיק", דער "עוואַנס" — האַלטן זיך פונוויטנס;
דער "טייוול'ס-קאָפּ" איז צווישן זיי דער בריקל.

און וואו דער טייוול שטעקט אַריין זיין קאָפּ,
דאָרט קאָן קיין פריינטשאַפט-בלום ניט וואַקסן;
שטייט "פּאַיק" אַן אָנגעבלאָזענער און שטורעמט מיטן שפּיז,
און "עוואַנס" טראָגט אַ באַרג מיט כעס אויף זיינע אַקסלען.

און פון ווי לאַנג גייט אָן דער שטרייט, דער שטומער,
ניטאָ ביי וועמען דאָ זיך צו דערפרעגן;
נאָר ווען די זון דערטרינקט אין שיין דעם "טייוול'ס קאָפּ",
דאַן "פּאַיק" און "עוואַנס" גריסן זיך, ווי פריינט אַנטקעגן.

ס'גייט אויף אַ פרייד אַזאַ פון שטאָפּלדיקע טאָלן
און לאָזט זיך אין געדריי אויף בערגישע זיגזאַגן,
און שפּרינגט אַריבער רוקן-קייט דעם העכסטן,
אַ גליטש זיך באַרג אַראָפּ, ווי נאָר אַ פרייד אַזאַ קאָן וואַגן.

אין נעכט, אין לויטערע, ווערט אַ געיעג פון שטערן,
סיי די גרויס-אויגיקע און סיי די קליינע פינטלעך.
זיין קוטשמע ווייסע האָר דער אַלטער "פּאַיק" צעטרייסלט
און וואַרפט צו "עוואַנס" פיס אַ פלייץ פון דימענטלעך אין בינטלעך.

נאָר ער, דער טייוול, טשאַטעוועט און רוקט אַרויס דעם קאָפּ, —
און "פּאַיק", און "עוואַנס" — ווידער ווי די הענער;
דער אויסקוק-פּלאַץ — דער זעלביקער, נאָר דעם אַרום
איז מער ניט צודערקענען...

און ס'דוכט, פון פעלזן-שפּאַלט, אַ געשטאַלט פאַרשטויבטע
דערהויבט זיך הויך, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן,
אַ וויש געטאָן דעם מזרח-ראַנד, און שטראָמען ליכטיקייט
אין אַלע ווינקעלעך צעטראָגן.

(1927)

# אין האַרץ פון די ראַקיס

אין האַרץ פון די ראַקיס, אין פעלזן־געביין,
וואו האַסטיק די בלוטן פולסירן,
צו מיר איז דערגאַנגען פון האַרץ דיין געוויין,
דיין בענקשאַפט, וואָס וויל ניט פאַרפרירן;
ס׳האָט יונגשאַפט געריסן פון קייט זיך אַליין
אַ לעבטאָג, כאָטש איינמאָל, און נאָכדעם פאַרגיין.

נאָר ווי אַ געפּייניגטנ׳ס שטומער געשריי
רייסט נאַכטיגע לאַדנס פאַרמאַכטע,
און ס׳בלייבן זיך הענגען זיין פּיין און זיין וויי
אויף פּלויט פון אַ זומפּ ניט־געדאַכטן; —
אַזוי איבער אַפּגרונט צום לעבן דיין ריס,
עס הענגט אַ צעטראָטנס פון טרעמפּישע פיס.

אין האַרץ פון די ראַקיס פרימאָרגן צעטראָגט
אַ שפע פון ריחות און פאַרבן;
און ס׳בלייבן דאָך הענגען זיין פּיין און זיין וויי
און הילכן פון פעלזיקע קאַרבן;
און ס׳ליגט זיך אַ באַרג־ריז מיט שניי־ווייסן קאָפּ
אויף בוזים פון בלויקייט, ווי קינד רוט זיך אָפּ.

פונוויינטנס צעקלונגען אַ גלאָק האָט זיך פרום,
צו גאָט׳ס־הויז די מענטשן פאַרבעט ער;
און ס׳פליט אָן אַנטקעגן אַ גרילציגער ברום
פון זעגן אין שניט פון די ברעטער;
און ס׳בעט זיך דיין יונגשאַפט, פון גאַרונג גענערט, —
דיין אויג האָט גערעדט, און מיין האַרץ האָט געהערט.

איך שטרעק אויס די אָרעמס אין ווייטקייט, וואָס פליסט
און טוקט זיך אין ים פון באַגערן.
דו האָסט מיינע ליפּן באַרירט ניט אומזיסט, —
פאַרגעסן וועסט קיינמאָל ניט ווערן;
כאָטש רואיג ביים אָפּשייד געווען איז מיין גאַנג, —
אין מיר האָט געזונגען דיין גרויסער געשאַנק.

דורך שפּיציקע פעלזן געבראָכן אַ וועג,
געטרונקען פון לויטערע קוואַלן,
דער גלאָק שוין אַנטשוויגן, עס ברומט נאָר די זעג
און פריידט זיך אין עכאָשן שאַלן.
און ביידע מיר האָבן געוואוסט און געפילט, —
ס'איז אונדזער באַהעפטונג אויף לעבן געצילט.

(1927)

# אַ טאָג אין „יאָסעמיטע פּאַרק"

(איינדרוקן און בילדער)

.1

אַ שפע פון שיינקייט און שימער באַגעגנט.
פון אונטן — אַ וואַלענער שוים אַ צעפּלייצטער.
פון אויבן — אַ דינינקער שפּריי איבער ברעגן.
אַנטקעגן — אַ בליאַסק זיבנפאַרביק געקרייצטער.

די גרינע געוועבן, ווי ווייכע טאַפּעטן,
פאַרשלינגען די מידקייט פון גרויען געפלאַסטער.
און ס'וואַקסט אַן אַ הונגער, וואָס לאָזט זיך ניט זעטן;
די פרישקייט פון יוגנט אויף אוראַלטע פלאַסטן.

פון שפּאַלטן, פון פעלזן, פון הויכע טעראַסן
די וואַסער-וואַלן, אין זילבער צעכוואַליעט,
אין יאָג — ווי קאָנוועיערס געטריבן אויף פּאַסן;
און שוואונג פון טיטאַנען מיט לייבער פאַרפּאַליעט.

געשניץ און געמעלען, און שפּיל פון קאָלירן,
און טייך אַ צעקאָכטער אויף שפּיציקע וועלן.
אַ וועג דורכצורייסן און ווייטער צו פירן, —
איז איבער די רוקנס, וואָס קעגן זיך שטעלן...

אַ שפע פון גרויסקייט ברייטהאַנטיק צעשאָטן,
פאַרטשעפּעט אויף שטיינער, אויף צווייגן צעהאַנגען;

און טעפּיכער־גראָזן געדיכט און געראָטן, —
אַ פאַל און צי־אוים זיך, און ליג ווי געפאַנגען...

.2

„גליקלעכע אינזלען"...
שיין קלינגט דער נאָמען.
סוחרישער איינפאַל —
גרינג צו דערקאָנען.
אָנשטעל געמאַכטער,
לוסט אָנצוצינדן;
קומט מען אין פאָרלעך,
קומען געזינדן.
מענטשן, ווי פליגן;
זשום און געלעכטער.
טרוקן און הארט נאָר
קוק פון די וועכטער.
אָרבעטן קראָמען —
שפּייז צו פאַרצערן.
כאַפּן אויף ברעקלעך
וועווריקעס, בערן.
„מיראָר־לעיק" שפּיגלט...
ציט מען אַהינצו.
רעדעלע דרייט זיך,
פּעדימל שפּינט זיך...
מענטש האָרעפּאַשנער, —
איין טאָג פּאַרנאַסן.
מערער ווי קאָן מען?
מאָגער די טאַשן.
באַרגיקע הייכן,
„גלעישער, „וואוואָנא".
און פּאַנאָראַמעס
פליסן, ווי שטראָמען.
בייט פון קלימאַטן,
שנייען־פּעיזאַזשן...
לאַדזשעס, האָטעלן —

בלענד פון עטאַזשן.
פריי איז דער אָטעם —
רחבות אויף מײלן;
בעט זיך אין הארצן,
לענגער פאַרווײלן.
טויב לויפן שעה׳ן,
זון פאַלט אַרונטער.
שטום אין הארטנעקיק
טאָג ברעכט זיך אונטער...

.3

אין „מאַריפּאָזאַ־גראָוו" —
אין הארץ פון די „סיערא" ריזן־בערג,
אַ וואַלד פון אַלטע, אָפּגעלעבטע צײטן
געלאָזן האָט צום אָנדענק זײנע מוסטער־ווערק.

רויט־האַלציקע די ביימער, שלאַנקע;
ווי ווירעם גלייך די יונגע און די זקנים.
וויל אויג צו זייער שפּיץ דערגרייכן,
מוז נאַקן ברעכן זיך און קאָפּ אינאײנעם.

אַ שטאַם — אַ גרויסע רויע רונדע הויז
און אויסגעהוילט, ווי אַ טונעל אינמיטן;
און ס׳פאָרן אויטאָס פריי אַדורך,
ווי אויף אַ שליאַך אַן אָפּענעם געריטן.

דער גרויער־גרייז. 4־טויזנט־יאָריקער „גיגאַנט",
שטייט שטאָלץ מיט באַלקנדיקן אָרעם אויפגעהויבן;
דער גרינער בלעטער־בונד אין זײן געקנופּטן פויסט,
ווי אַ סאַלוט צו פרייער וועלט געשיקט פון אויבן.

און דער געפאַלענער „מאָנאַרך" צופוסנס אויסגעצויגן.
די קרוין פאַרוואַלגערט ווייט, און ס׳דאַרן אים די זייטן...
און זון־פאַרגאַנג צינדט דעם סימבאָל אַן מונטער —
אַ וואונק אויף נייע, ליכטיקערע צייטן...

(1938)

# מאַראַנצן

.1

מוטיק און מונטער, ווי מאָרגנס מאַיאָווע,
מעסטן זיך מיילן מיט גאָלד פון מאַראַנצן.
איילט זיך אַפּריל דאָ, און ניט אויף קאַטאָוועס;
נאַט אייך און נעמט אייך שוין פרישע אַוואַנסן.
קלאַפּט מען די קעסטלעך, קרעכצן די קלייבער:
ווידער אין וועג שוין מיט קינדער און ווייבער...

.2

ווייטער גיי, טראָג זיך מיט שמוץ און מיט שמאַטעס;
סקריפּען די רעדער אויף זאַמד־וועגן האַרבע.
אומעטום וואַרטן די פינצטערע כאַטעס
צי ביי מאַראַנצן, צי ביי דעם אַרבעס.
שנורן זיך ברעמען און נענטער זיי ווערן,
קנייטשט זיך אַרויסרוף אויף בראָנזענע שטערנס.

.3

„אימפּעריאַל־וואַלי" — די בלוטיקע לעקציע;
וואונדן, ווי דערנער, און גליאיק די בלוטן.
נאָך ניט פאַרגאַנגען, נאָך ניט געעקט זיך
קאַמף האַרעפּאַשנער, און פריש נאָך די שניטן.
קרעפּטיקט זיך צאָרן אין האַס אויסגעכאָוועט,
גיסט זיך מיט מוט אָן, ווי מאָרגנס מאַיאָווע.

.4

שפּאַנען די קלייבער צו סעדער, צו פעלדער,
קלייבן מאַראַנצן און קלייבן דעם אַרבעס.
הענגען הענט ליידיק, ניטאָ וואו זיך מעלדן,
שאַרפט זיך דער הונגער און נויט וואַקסט אַ האַרבע.
צייטיקט פאַרמעסט זיך און לאָזט זיך שוין הערן;
שטורעם־אַוואַנסן אויף בראָנזענע שטערנס...

(1934)

# אין אַ ווינטער־טאָג

.1

ס'איז היינט אַ זוניקער, אַ שטייפער ווינטער־טאָג.
ס'איז יום־טובדיק און פריש.
איך טרינק די קאַלטע שטראָמען לופט,
ווי וויין געלויטערטן.
אַ ליד פון שניי און זון
וויברירט אין ריינעם עטער.

איך לייג די אַרבעט אָפּ אויף שפּעטער
און האַלט די אויגן האַלב פאַרמאַכט,
און טראַכט,
און טראַכט...

און ערגעץ, אפשר גאָר ניט ווייט פונדאַנען,
איז פייכט אַצינד, און נעפּלדיק, און גרוי,
און מענטשן אומעטיקע שפּאַנען,
און שווייגנדיק אַזוי...

און ערגעץ ברענט אַצינד גאָר זומער.
אַקאָרד פון אַ גיטאַר, און טענער האַלב אין שלומער,
און תאווה'דיק אַ הולא טאַנץ געטאַנצט.
אַ קערפּער ברוין און בויגיק,
און היפטן אין אַ שטרוי־געפלעכט,
און האַלדז און בריסט אַ בלומען־שנור באַקראַנצט.

און ערגעץ רוישן בייזע ימים,
אוןביימער ברעכן זיך פון שטאָמען,
און אין דעם ווייטן, ווייטן צפון,
די ווייסקייט בלענדיקע פון צפון־ליכט געטראָפן,
צעשפּילט זיך אין די זיבן־פאַרביקע קאָלירן,
און אָפן שטייען אַלע טירן.

.2

אַ יאָדערדיקער ווינטער־טאָג.
פאַרדראָטעוועט אין אייז איז דער באַלקאָן.
דער ווייסער שימער זשמורעט מיר די אויגן ;
נאָר דורכן שמאָלן שפּאַלט נאָך שאַרפער זעט זיך אָן
דעטראָיט, מיין שטאָט, אין זאַטקייט אויסגעצויגן.

אַ גלאָקן־גליקן שטאָט פון אויפגעבלאָזטן דויער.
פאַר איינמאָל פרייד געצאָלט מיט צענמאָל טרויער
האָב איך, און דו, און ער, און ווער פון היימיש־שטעטל
זיך איינגעוואָרצלט דאָ מיט לעבן און מצבה־ברעטל.

אַזויפיל פעלקער און לשונות ! אַזויפיל גרעניצן געשוואָרצטע ! —
און ער, דער טאָג, פאַר׳עקשנ׳ט אַ באַהאַרצטער,
צעגיסט אַ ברי פון פראָסט און זון אויף אַלע שטיבער,
און מיט אַ שמייכל אין די פענצטער זיך פאַרקליבן.

קומט אָן מיין זון פון שול, און שטענדיק מיט אַ פּאַק פאַרוואָסן ;
אָט איז די מאַפּע פון דער וועלט, האָט יעדעס לאַנד זיין פאַרב.
פאַרוואָס־זשע זיינען אַלע טייכן און די ימים
אַ גרענעץ מוז דאָך זיין מסתמא . . .
אין איין קאָליר פון בלוי צעגאָסן ? —

אַ גרענעץ ? — נו, איך האָב אַ מעשה וועגן דעם געלייענט,
אַ מעשה׳לע אַ שיינס, איך וועל דיר דאָס דערציילן גערן.
געטראָפן האָט זיך דאָס ביים גרענעץ צווישן לענדער צוויי,
וואו גוטע פריינט אַ פּאָר האָבן זיך אַרומשפּאַצירט אַזוי,
ביז איינער איז געוואָרן מיד און אויף דער ערד זיך אויסגעצויגן.
דער אַנדערער האָט זיך אַזוי באַזאָכט
זיין פריינט באַטראַכט
און אויפ׳ן קול זיך שטאַרק צעלאַכט.

דו ווייסט — זאָגט ער — דו ליגסט דאָך דאָ אויף לענדער צוויי ;
דאָ לויפט דער גרענעץ צווישן זיי . . .

און ס'ענטפערט יענער נאָך אַ קורצן שווייגן:
צי קענסטו מיר דעם גרענעץ ציִיגן? —

אַט הער: אין קיניגרייך פון פּויפּסט, אין וואַטיקאַן,
אַ קירך אַ הייליקע פּאַראַן,
און אין דער קירך, דער הייליק-הייליקער,
שטייט אונטער שלאָס אַ קעסטעלע פון העלפאַנטביין,
און אין דעם קעסטעלע פון העלפאַנטביין
אַ קעסטעלע פון ריינעם גאָלד,
און אינעם קעסטעלע פון ריינעם גאָלד
ליגט אַ געדעכעניש פון דער מאַדאָנע,
איין האָר, פאַר פרומע-לייט אַ מתנה.

און ס'ציען גלויביקע אַהין,
ווי צו אַ געטלעכן געפינס;
אַ קוק טאָן אויף דער האָר,
אַ סגולה איז צו לעבן לאַנגע יאָר.

נו, האָט זיך דאָרט אַזעלכס געטראָפן;
געקומען איינער, ניט דערעסן, ניט דערשלאָפן,
פון ווייט געוואַנדערט, ניט געשפּאָרט,
אַבי אַ קוק טאָן אויף דער האָר.

נאָר ווי ער האָט זיך ניט געפלייסט צו זען,
ער האָט די האָר ניט געזען.

איז ער צום גלח צוגעשטאַנען
און זאָגט, ער רירט זיך ניט פונדאַנען;
ער מאַכט עס קורץ און קלאָר:
וואו איז די האָר?...

דער גלח האָט אים פאָטערלעך געוואָרנט
צו תשובה טאָן, א תענית פאַסטן.
ער האָט געפאָלגט, אזוי געטאָן,

נאָר העלפֿן הויבט דאָס פֿאָרט ניט אָן...
ער קוקט אַהין און קוקט אַהער,
דאָס קעסטעלע איז לער.

גו, איז דער מענטש אריין אין צאָרן,
ער קען ניט רוען, קען ניט ראַסטן,
ער וויל דאָ וויסן איין זאַך נאָר:
וואו איז די האָר?...

דער גלח ברוגז׳לעך צענעמט די הענט
און זאָגט: „הער אויס, מיין וואָרט פֿאַרנעם;
איך שטיי שוין דאָ דריי צענדליק יאָר
און האָב נאָך ניט געזען די האָר,
איז וואָס ווילסטו, דו זינדיקער?...״

— — — — — — — — — — — — — —

מיין יונג האָט זיך אַ וויילע פֿאַרטראַכט
און האָט זיך קלינגענדיק צעלאַכט;
דער גרענעץ, ווי די האָר,
איז בלויז אַ מענטש און דאָסגאָר...
ער טוט אַ שפּרונג, און איינס און צוויי,
איך זע, ער שטיפֿט שוין אויפֿן שניי.

.3

דאָס שפּרודלדיקע שיין פֿון טאָג
דעם קלאָרן שניי אין דימענטלעך צעשלאָגט,
און ס׳שיסט מיט פֿונקען און מיט בלענד
אויף פּלויט, אויף בוים, אויף גרינע ווענט.
און פֿון דעם דרויסן טוז אריין אין שטוב,
אַ טאַנץ אויף טיש, אַ טאַנץ אויף באַנק,
צי אויפֿ׳ן גלאָז פֿון ביכער־שראַנק,
צי אין אַ ווינקל ווייט פֿאַרשטופּט.

אנטקעגן טיר הענגט מיין משפחה בילד
פון דורות דריי, אַ זכר פון דער אַלטער היים,
באַפּוצט מיט אַ ראַקאַקאָ־שניץ־געמעל,
וואָס קרישלט זיך, ווי אויסגעדאַרטער ליים.

דאָס אינגסטע אייניקל ביים זיידן אויפ׳ן שויס,
און איבער אים דעם זיידנ׳ס ווייסע באָרד.
די משא פון דער וועלט פון זיידן הענגט אַראָפּ
און שפּאַרט זיך אָן אויפ׳ן יונגן קאָפּ.
נאָר נחת׳דיק די באָבע קוקט, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאַרט
אַזאַ געזינד פון אָרימשאַפט אַרויס.

די אַלטע לייט, געשלאָסן שלום מיט דער צייט,
מיט בריוולעך זיך געקוויקט פון ווייטן ווייט,
די קינדער און די אייניקלעך אָן אידישקייט דערמאָנט; —
די אַלטע לייט, צי וואָלטן זיי די אייניקלעך דערקאַנט?...

און אָט גייט אויף געהילך פון קינדער אין אַ שפּיל,
און ס׳האַמערט יונג די שטאָט מיט אימפּעט אָנגעפילט,
און ס׳טורעמט זיך געבוי, און ס׳פורעמט זיך אַ וועלט,
און אַרבעט זידט און ברענט, און ווערט ניט אָפּגעשטעלט.
צו אַרבעט צוגעשמידט — זיי קלערן ניט דערפון...

און אָט די טאַטעס מיט די זין, שוין איינגעוואָרצלט הי,
אינאיינעם ציען זיך אין שווערן שפּאַן פון מי;
צי כמורנע איז דער טאָג, צי ס׳שיינט ווי היינט די זון,
צו אַרבעט צוגעשמידט — זיי קלערן ניט דערפון...

4.

ס׳איז יאָדערדיק דער טאָג, און דראַטיק איז דער טראָט,
און ס׳זינגען אויס די פּיס אָן אָדע צו דער שטאָט.

איך שלינג דעם פרישן שטראָם, ווי ווייַן,
און באָד זיך אין אַ ים פון שייַן.
אַ ליד וויברירט אין רייַנער לופט
און צו דער אַרבעט רופט —
רופט —
רופט! —

(1921)

# אינהאַלט:



## ציײטן:

אַ טראָט איבער זיבעציק ........... 7
איך זע לאַנד ................... 8
מיר דאָ פון היינט, פונדאַנען ....... 9
אין קריג אין גערעכטן ........... 10
פיר רויטע מאַטראָסן ............. 12
ניו־יאָרק פאַרטונקלט ............. 14
פאר אונדזער קיום ............... 15
געזאַנג פון האַס און נקמה ........ 16
ווי אין אַ חלום ................. 18
מאָטל דער שליסל־מאַכער ........... 21
שפּאַניע ........................ 24

## שטעט:

אַמעריקע ........................ 28
דעטראָיט ........................ 28
אָלבאַני ......................... 38
שיקאַגאָ ......................... 39
פּיטסבורג ....................... 39
דענווער ......................... 40
סקאַטסבאָראָ ..................... 42
סאַן פראַנציסקאָ .................. 44
מאַרקעט סטריט אין סאן פראנציסקא.... 46
לאָס־אנגעלעס .................... 48
כרמל ............................ 52
ביזבי ........................... 53
די מאַיטי מיסיסיפּי .............. 54
„גיגערטאַון" ..................... 55
באולדער דאַמבע .................. 57
עמפּייר סטייט ................... 63
צווישן זון און זאַמד אויף
קאַליפאָרניער ברעגן ............. 69

## קאַמפן:

מערץ ............................ 71
ווען דאָס לעבן איז צעשטורעמט ...... 71
דעם גלאָק צעוויגן ................ 71
אין אויפבוי און אין קאַמף ........ 72
פון אומעטום ..................... 75
צום באַגעגן ...................... 75
טאָם מוני ........................ 76
ס׳ברענט א סטרייק אויף לעטוס־פעלדער 79
טאָם מוני אויפן פּיקעט־ליין ....... 80
סאַלוט, דעטראָיט .................. 82
געאָרג דימיטראָוו ................. 91
אונטער דער האַק .................. 92
דער פון פון מי ................... 96
ניט פרייט זיך שונאים .............. 97
כאַאָס ............................ 98
איריש־מעק פון סאן־פּידראָ .......... 99

## בירא־בידזשאַן

איקאָר ........................... 118
עס רופט צו אונדז בירא־בידזשאן ..... 119
אין אויפבלי ...................... 120
אונדזערע קאַמפן, אונדזערע זיגן .... 121
סטאַפּן און עפּאָכעס ............... 122
צוועלף יאָר בירא־בידזשאן .......... 124
צעריסן די קייטן .................. 127
אין גאָלדענעם האַרבסט .............. 130

## פאַרשיידענע:

אין קרייז פון שיינקייט און אויפשוואונג 132
שאָטנס ............................ 136
און קומען וועט די שעה ............. 137
דלילה ............................. 138
אין האַרבסט זינג איך .............. 139
פאַרנאַכט צו ...................... 140
באַגינען אויפן לאַנד ............... 140
די זון פאַרגייט ................... 141
אויפן לאַנד ....................... 142
אַ טאָפּ טיולפּאַנען ................ 143
אין האַרבסט ....................... 144
סוף זומער ......................... 145
אַ שפּיל .......................... 147
דער טייוול־קאָפּ ................... 148
אין האַרץ פון די ראַקיס ............ 149
אַ טאָג אין יאָסעמיטע פּאַרק ........ 150
מאַראַנצן ......................... 153
אין אַ ווינטער־טאָג ................ 154